# פאלקס־געדיכטע

— פון —

# ד. עדעלשטאדט.

הערויסגיגעבען פון דיא

,,פרייע ארבייטער שטיממע,''

35 ראטגערס סט., ניו יארק.

פרייז 25 סענט.

— ניו יארק. —

דרוק פון דיא ,,פרייע ארבייטער שטיממע''

1892.

„און דיזע ווערמער וועללען ווערען ·
„א דאנגער פלוך וואָס וועט זיך הערען
„אין יעדעס הערץ, אין יעדער בּרוכט......

„אויף, וויא לייבען נאך דעם שלאף
„מענשען, מענער, אויף צום רוף!
„טרייסעלט אָב דיא שווערע קעטען
„לאזט זיך ניט מעהר פון הערשער טרעטען
„פרייהייט איז דאָס ענדע ציעל
„זיי זייבען ווייניג—איהר זייט פיעל."

פ. ב. שעללי.

# צו מיין פעדער.

מיין פעדער, מיין ליעבלינג, מיט דיר אליין
ווייס איך פון ויסע מינוטען;
נור דו שטילסט איין מיין הערצענס געוויין
און לאזט איהם ניט פארבלוטען.

*

איך אטעם פריי אין דיינע שריפטען,
איידער עס דרוקט זיי דאס בליי,
איידער דיא וועלט הייבט אן זיי פערגיפטען
מיט צינישע הייכלעריי.—

*

דיא וועלט, ביי וועלכע דאס געלד איז נור טהייער, —
זעלבסטזיכטיג, גייכטלאז, פערפֿראָרען, —
וויא קען זיא בעגרייפען דעם הייליגען פייער,
וואס האט דיינע ליעדער געבארען?

*

וואס געהט איהר אן, אויב דו שרייבסט מיט טינט,
אדער מיט הייסע טרערען?
וואס איז א ריכטער ?— א טרוימער, א קינד,
פערליעבט אין בלומען, אין שטערן!

*

מיין פעדער, דו ביסט מיין גייסטיגע שווערד,
איך שטעה מיט דיר אויף דער וואכע;
אלע ליידענדע קינדער דער ערד
רוף איך צום קאמפף און צו ראכע!

*

וואס וואלט איך געטאהן אהן דיר אויף דער וועלט?
ועמען וואלט איך אזוי ליבען?
דיא וועלט מיט איהר זעלבסטזוכט, שווינדעל און געלד
וואלט שנעל מיך אין קבר פארטריבען?

*

ואס וואלט איך טאהן, איך אונפראקטישער יונג,
טרוימעריש און נאאיוו?
וואס אויפ׳ן לונג, ראס אויפ׳ן צונג,
פון ביזנעס קיין בעגריעף?

*

א טרוימער, וואס זיין הערץ פערביטערט
א צוטראָענע בלום אין גאס;
ועהט ער א בעטלער, ווערט ער פערציטטערט,—
א היימלאזעס קינד מאכט איהם בלאס.

*

וואס וואלט איך געטאהן אין דעם פראטישען שמוץ,
וואו טויזענדער אנדערע לעבען?
וואס וואלט איך געבראכט דער וועלט פיר א נוץ?
וואס וואלט איך דיא ליידענדע געבען?

*

ווִיא וואלט איך געלעבט אהן דיין הייליגען צייבער,
מיין פעדער, מיין איינציגער פריינד!
וויא וואלט איך געבראנדמארקט דיא מערדער און רויבער,
דער פרייהייטס ביטערע פיינד?

*

מיט דיר בין איך שטאלץ, מיט דיר בין איך מונטער:
איך פיהל, דאס איך ארבייט און לייסט.
עס פאלען דיא אייזערנע קעטען ארונטער,
עס שטייגט צו דיא וואלקען מיין גייסט!

*

נור דער טוידט וועט אונז צושיידען! —
און ווען צובראכען, פערפאלגט,
פאל איך... דאן וועסטו פאר מיר ריידען
צום פאָלק, צום ליידענרען פאלק!

---

# נאטור און מענש.

---

וויא זאל איך ברידער פריילּיך זינגען,
ווען האס און קריעג איז איבעראלל?
עס שיינט מיר טיעפע שמערצען קלינגען
אויך אין דעם ליעד דער נאכטיגאל!

*

עס שיינט מיר דאס דער מאָנד און שטערן,
דיא זילבערווייסע ליליענבלום
גנר פול מיט הייסע מענשענטרערן
און זינר פון שרעקען בלאס און שטום . . .

*

ווען מענשען ליידען, קלאגען, זארגען
קען דיא נאטור דען פריילוך זיין?
זיין, טרערען בלוטיגע פערבארגען
זינר אין איהר רויטען זאנענשיין!

*

יא זעהט וויא איהרע מענשענקינדער
האבען פערוויסט דיא שיינע וועלט,
און איהרע ליבלינגע וויא רינדער
ווערן געשעכט, פערקויפט פיר געלד . . .

*

ן דיא נאטורו גיכטא פערלטרערן
און מיט איהר ווינט דער בלומענטהאל;
עס וויינען זאָנגע, מאָנד און שטערן
און טרויעריג קלאָגט דיא נאכטיגאל . . .

*

עס קלינגען אפ דיא שמערצען־ליעדער
אין ברוסט פון ליידענדען פאָעט,
און פאר דער מענשהייט קניט ער ניעדער
ימט הייסע טרערן אוי געבעט —

*

א מענש! פיר ליעבע, גליק און לעבען
איז דיא נאטור, דיא וועלט געשאפט;
דיר איז א פרייע ערד געגעבען —
דאך יעצט איז ערד און מענש פערשקלאפט!

*

ווער זיינע ברידער קען פערשקלאפען,
פערגיסען בלוט—דער איז אהעלד.
און דיזע הענקער זינר דיא גראַפען,
מאנארכען, קעניגע דער וועלט!

*

עס גיבט אויך פרייע רעפובליקען,
וואס זינר בלויז פריי אויף דעם פאפיער.
און פול מיט קנעכט זינר דארט פאבריקען,
און יעדער הערשער א וואַמפיר.

*

איך רוף צו אייך, פערשקלאפטע ברידער,
וואכט אויף! פעראייניגט מוטה און קראפט
און שטירצט דיא ווילדע הערשער נידער,
דאן לעבט און ליעבט, געניסט און שאפט!

*

און דיא נאטור וועט פרייליך זינגען,
פריי אטהעמט אויף דעם ריכפעס ברוסט,
און זיינע ליעדער וועלען קלינגען
מיט פרייע ליעבע, גליק און לוסט!

# דער „מיינער“.

(קאהלענגרעבער.)

1.

ווען איהרווארמט זיך, ברידער, בייא דעם פריילּיכען פייער,
פערטהיידיגט פון רעגען אונד ווינד,
צו דענקט איהר א מאל, וויא שרעקליך טהייער
עס קאסט יעדער קאהל אונז אצינד?

2.

צו דענקט איהר א מאל, אז מיר צאהלען צו גוט?
איהר זעהט דיעזע גליעהענדע אשעם?—
זיי זאגען געפארבט מיט מענשליכען בלוט
פון טויזענדער יונגע נפשות!

3.

דער פייער פלאקערט פריילּיך אונד שיין,
דאך ציטטערט אין מיר יעדער אבר,
איך וויים, יעדער קאהל אין א מצבה־שטיין
פון אן ערמאָרדעטען „מיינער'ס“ קבר.

4.

דאך ניין, דאס זאגען קיינ' טוידטע שטיינער,
דאס ברעננט א בלוטיגער באַרג
פון ארבייטער ביינער, ארעמע ביינער—
ארי קאהלענגרוב וואר זייער זאַרג!

5.

ברייער, קעננט איהר דאס שרעקליכע לעבען
פון א פֿערשקלאפטען „מיינער"?
זאגט, צו עס קאנן אין דער וועלט נאך געבען
א פֿינסט'רערער שיקזאל וויא זיינער?!

6.

ער ארבייט פון קינדהייט אין ו'ער ערד בעגראבען
פאר'ן קארגען שטיקעלע ברויט,
אונד דאס קאנן ער אויך נישט אימּער האבען,
אונד ליידט נאך הונגער אונד נויט!

7.

מיט זיין אייגענעם קינד איז ער ווענינ בעקאננט:
פארטאג נאך פערלאזט ער זיין שטוב,
אונד איילט צו דער א־בייט, צו דער שקלאפען שאנד
אין דער קאלטער, פינסטערער גרוב!

8.

ער ארבייט אונד ארבייט אין זיין דונקלען געצעלט
פאר דיא ווייכע אייזענבאהנען,
פאר אללע דענקער אונד קינסטלער דער וועלט,
פאר אללע ואטטע טיראנען!

9.

ער ארבייט זיין לעבען אין שרעק אונד געפאהר,
לעבענדיגערהייט זיין פערשאטען....
אונד וואס איז זיין לאָהן? ער ווערט דערפאר
גערויבט! מיט דיא פיסס געטראָטען!!

10.

קאָהלען־באראָנען, רויבער־באנדע!
איהר שעכט אונד בלייבט גערעכט....
אויב איהר זייט מענשען, איז א שאנדע
בעלאנגען צום מענשען־געשלעכט!

11.

דאן שטעהען דיא ווילדע טהיערע פיעל העכער
אין הומאניטעט וויא איהר,
א טהיער איז ניעמאלס א פערברעכער
געגען זיין ברודער־טהיער.

12.

איין לייב וועט דעס צווייטען לייב נישט טערטען,
אונד מענשען—קרוין דער נאַטור—
מענשען פרעססען איינער דעם צווייטען,
ביז עס בלייבט פון זיי קיין שפור!

13.

ווען איהר ווארמט זיך, ברידער, ביי א פריילּיכען פייער,
פערטהיידיגט פון רעגען אונד ווינד,
רענקט פון דעם, מיינער"! דענקט, וויא טהייער
עס קאסט יעדער קאָהל אונז אצונד!

14.

דענקט פון דעם „מיינער", פון זיין פרויא אונד קינד,
פערשקלאפט ביי דיא גאָלדענע געטטער,
זעהט, וויא זיי ווערען ערמאָרדעט וויא הינד,
אונד האבען קיין פריינד אונד קיין רעטטער!

15.

אונד, ווען איהר האט נור א ביסעלע מוטה,
וואכט איף, גרייפפט צו דיא וואפפען,
אונד מיט אייער הערץ אונד בלוט
פעטהיירינגט דיא ליידענרע שקלאפפען!

# אין קאמפף.

מיר ווערן געהאסט און געטריבען,
מיר ווערן געפּלאגט און פערפאלגט—
און אלעס דער פאר ווייל מיר ליעבען
דאס ארימע שמאכטענרע פאלק.

מיר ווערן ערשאסען, געהאנגען;
מען בערויבט אונז דאס לעבען און רעכט
דער פאר ווייל מיר אמת פערלאנגען
און פרייהייט פיר ארימע קנעכט!

אבער אונז וועט ניט ערשרעקען
ניפּענגניס און טיראניי;
מיר מוזען דיא מענשהייט ערוועקען
און מאכען זיא גליקליך און פריי.

שמירט אונז אין אייזערנ׳ע קייטען,
וויא בלוטיגע חיות אונז רייסט;
איהר וועט אונזער קערפער נור טויטען,
אבער נ׳ט אונזער הייליגען גייסט!

* * *

טיראנען! איהר קענט איהם ניט טויטען,
דאס איז איין אונשטערבליכער בלום;
זיינע שמעקענדע, פלאמענדע קווייטען
בליהען שוין יעצט אומעטום!

זיי בליהען אין דענקענדע מענשען,
וואס ליעבען גערעכטיגקייט, ליכט;
אליין דיא נאטור טוט זיי בענשען
צום קאמפף, צו דיא הייליגע פפליכט—

בעפרייען דיא ארימע שקלאפען,
וואס שמאכטען אין הינגער און קעלט
און פאר דיא מענשהייט בעשאפען
א פרייע, א ליכטיגע וועלט,

וואו עס זאל ניט גיסען קיין טרערן,
נ׳ט פליסען אונשולדיגעס בלוט
און מענשען וויא גלענצענדע שטערן
שיינען מיט ליעבע און מוטה!

* * *

איהר קענט אונז ערמארדען, טיראנען!
נייע קעמפּ ער וועט בריינגען דיא צייט —
און מיר קעמפּפען, מיר קעמפּפען ביז וואנען
דיא גאנצע וועלט וועט ווערן בעפרייט.

# דיא פערשאלטענע.

פריי נאך נעקראסאָוו.

ווען איך וואנדער אליין אין דיא פינסטרע גאסען,
ווען איך הער זיך איין אין שטורמווינד —
שוועבסטו פאר מיר מיט דיין פּנים בלאסען,
דו היימלאזעס, קראנקעס, פערשאָלטענעס קינד!

עס ערגרייפען מיך ווידער פערגעסענע שמערצען:
פון קינדהייט האט דיך שוין דיא שיקזאל געהאכט;
דו האסט איינעם געליבט מיט דיין איידעלען הערצען,
מ'ט אנאנדערן האט דיך דיין פאטער פערקנאכט!

דיין מאן וואר א שלעכטער... דאך ניט לאנג האט געננומען
און דו האסט צוריסען דיא שענדליכעקייט...
און ביסט צו דיין איינציגען פריינד געקומען,
דאך אויך ניט אויף גליק, נור אויף שמערצען און נויט!

גערענקסטו דעם טאג, עס וואר א פינסטערע כמאַרע,
איך האב זיך געראנגעלט מיט הונגער און קעלט . . .
פון אטהעמען האט זיך געטראגען א פארע
אין אונזער פוסטען און קאלטען געצעלט !

געדענקסטו וויא דער שטורם האט ווילד געלארעמט,
וויא אונז האט אין קוימען בעוויינט דער ווינד . . .
דו האסט מיט דיין הייסען אטהעם געווארעמט
דיא הענטלאך פון דיין פערפרארענעם קינד !

עס האט געשריען דער אונשולדיגער קרבן !
דיא נאכט איז געקומען . . . און דאס שוואכע קינד
איז פון הונגער און קעלט, אויף דיין ברוסט געשטארבען—
אָרעמע מוטער, וואס ווייסטו אצינד ?!

ער דארף שוין יעצט דיינע טרערן ניט האבען,—
מיר מוזען שטארבען פון הונגער וויא ער . . .
מיט פלוך וועט אונז דרייען דער לענדלארד בעגראבען,
און קיינער שענקט אונז קיין מענשליכען טרער !

מיר זיינען געזעסען פערזונקען אין שמערצען,
דו ביזט געוועזען צובראכען און קראנק ;
א קאמפף האט גערונגען אין דיין ליידענדען הערצען,
עס האט דיך ערגריפען א נעהיימער געדאנק . . .

איך בין אנדרעמילט געווארען . . . דו האסט גענומען זיך דרעסען,
וויא צו א באל . . . און ביסט אוועק געשווינד ;
אין א שטונדע האסטו געבראכט מיר צו עסען,
און א קליינעם זארג פירן טויטען קינד.

מיר האבען דעם שרעקליכען הונגער פערטריבען,
אין קאלטען צימער פייער געמאכט,
דאס טויטע קינד אין וארג צוגעקליבען—
ווער האט אונז געהאלפען אין דער פינסטרער נאכט?

איך האב ניט געוואגט קיין ווארט ביי דיר פרעגען,
און דו האסט מיר אויך גאר ניט געזאגט...
דיין שווייגען איז אויף מיר וויא א שטיין געלעגען—
מיר האבעןביידע ביטער געקלאגט...

וואו ביסטו יעצט אונגליקליכער קרבן?
מיט דיין ביטערען עלענד, און שרעקליכען נויט!
ביסטו אין קאמפף מיט דיין שיקזאל געשטארבען?
אדער, געפאלען אין שאנדע און קויט!

אלע, אלע וועלען דיך פעראכטען,
יעדער וועט ווארפען אין דיר א שטיין—
איך אליין וועל מיט פלוך דיזע וועלט בעטראכטען,
וואס קען פערדאמען, אָבער ניט פערשטיין!



# א שטיקעלע ברויט.

* * *

פֿיר א שטיקעלע ברויט אהן קייטען, אהן סם !
ביז מיין טויט וואלט איך ארבייטען גערן,
אבער ברידער ! מיין ברויט איז יעצט פול מיט מיין דם,
פערגיפטעט מיט בלוטיגע טרערן.

* * *

עס רעבעלירען מיין הערץ און מיין מוח
געגען דעם שענדליכען ברויט,
פיר וועלכען איך אפּפער מיין לעבען, מיין כוח
און לייד דערצו ביטערע נויט.

* * *

א שטיקעלע ברויט אָהן סם און אָהן קייטען,
ברידער ! פערלאנג איך דען פיעל ?
בין איך דען שולדיג אז איך קען ניט טויטען
אין מיר יעדען מענשענגעפיהל ? !

* * *

א שטיקעלע ברויט אָהן שענדליכע קייטען,
ברידער ! ווער עס וויל אזא ברויט,
דער מוז אונזערע היילינע לעהרע פערברייטען,
קעמפפען אויף לעבען און טויט !

* * *

ער מוז איבעראל אין זיין ברוסט מיט זיך טראגען
פון פרייהייט דעם הייליגען פלאם ;
יעדען קנעכט, יעדען הערשער וואהרהייט נור זאגען:
„מיר ווילען קיין קייטען, קיין סם.

* * *

מיר ווילען פריי ארבייטען און אויך פריי געניסען
דיא פריכטע פון אונזערע הענד ;
מיר ווילען איהר זאלט אונז דאס בלוט נים פערגיסען,
מיר ווילען פון קנעכטשאפט איין ענד !

* * *

מיר ווילען דיא פרייהייט מיר ווילען דיא ערד ;
מיר זעהען דיא צוקונפט מיט קלארהייט.
יעדער שקלאף איז א מענש, יעדער מענש איז א העלר,
ווען זיין וואפפע איז ליעבע און וואהרהייט !"

---

# אן דיא יודישע שריפטשטעללער.

1.

האלט הויך דיא פאהן דער ליטעראטור,
איהר טעמפעל—הייליג־אונד פרייא,
ייט טרייא דער וואהרהייט, זייט טריי דער נאטור,
דער ליידענדער מענשהייט זייט טרייא !

2.

בייגט נישט דעם קאפף פאר דער גאָלדענער קאלב,
פאר רייכע, געפוצטע דיעבען,
צווינגט נישט מענשען זאגען נור האלב,
וואס זיי דענקען, האססען אונד ליעבען.

3.

וועגט יעדעס וואָרט אונד יעדען געדאנק,
איידער איהר דרוקט נאך דיא שריפטען,
פיללייכט זייט איהר גאר מיט זעלבסטליעבע קראנק,
אונד וועט אויך דעם צווייטען פערגיפטען!

4.

א ריינעם געוויססען, א געזונדען פערשטאנד,
מוז א שריפטשטעללער האבען,
נישט וועט ער זיך מיט זיין אייגענער האנד.
אין זיין אייגענעם שמוטץ בעגראבען.

5.

מען קענן אויך מיט שמוטץ א קראנץ זיך געווינען,
בייא דיא, וואס זינד דומם אונד געמיין;
דאך הייליגע אכטונג דער מענשהייט פערדיענ
קענן דער עהרליכער דענקער אלליין!

6.

זייט פיר׳ס פאלק ליכטיגע שטערן,
אין דער פינסטערער שקלאפען־נאכט,
בעלייכט זיינע קעטטען, וואונדען אונד טרערן.
ערוועקט אין איהם האָפפֿנונג אונד מאכט!

7.

פלאנצט אין ויין הערצען פרייע געדאנקען,
פון גלייכהייט אונ־ ברידערליכקייט !
אונד דיא גאָלדענע צוקונפט וועט אייך בעדאנקען.
מיט דעם קראנץ דער אונשטערבליכקייט !

# אָן דיא גענאסען.

דיא נאכט איז פינסטער, מען זעהט ניט קיין שטערן . . .
דער הימעל איז שווארץ, וויא דיא ערד.
ווילד רוישט דער ים פון מענשליכע טרערן,
עס הערשען נור הייזקער און שווערד — —

*

דיא ווארהייט ליגט עלענד, אין קייטען געשלאכען,
פערוואונדעט פון שרעקליכען פיינד.
אָה, וואהרהייט ! וואו זינד דיינע טרייע גענאסען ?
וואו זינד דיינע עהרליכע פריינד ?

*

ווארום קומען זיי ניט היילען דיינע בלוטיגע וואונדען,
און טאהן וייער מענשליכע פפליכט ?
איז דען אויף עוויג דיא זאנע פערשוואונדען,
פערלאשען איהר היילינעס ליכט ?

*

איז דען דיא גייסטיגע מענשהייט געשטארבען—
עס לעבען נור היינקער און קנכעט ?
און אלעס וואס העסליך איז, שמוציג, פערדארבען,
נור דאס האט צו לעבען דאס רעכט ?

*

ניין, ברידער, איך קען ניט, איך וויל דאס ניט גלויבען !
מיר זיינען פארמאטערט, פערשקלאפט,
אין שטייגען פארצאמט, וויא געפאנגענע לייבען,
אבער דאך איז ניט טויט אונזער קראפט !

*

דיזע מענשליכע קראפט קען נאך וואונדער בעווייזען,
ווען דער שטורם ערוועקט אונזער גייסט,
וויא מיט צויבער צערשמעטערט זיא שטיינער און אייזען,
אויף שטיקער דיא קייטען צורייסט !

*

דער קען ניט דיא האפנונג אויף פרייהייט פערלירען,
ווער עס וויים דיא געשיכטע דער וועלט.
נור אין דער פינסטערניס קענען רעגירען
געוואלדהייטען, שווינדעל און געלט.

*

דאך וויא עס קומט ניר דער ליכטיגער מארגען,
איז היינקער און טהראָן אין געפאהר,
אלעס שלעכטעס, וואס איז אין דער פינסטער פערבארגען,
ווערט דעם פאלק דאן פערשטענדליך און קלאר.

*

עס ברעכען דיא קייטען. עס פאלען דיא טהראנען,
עס רעגירט נור דער פרייער פערשטאנד.
מען ברויכט ניט קיין בלוטהונד, מען דארף ניט קאַנאָנען,
ליעבע און עהרע בעוואכען דאס לאנד.

*

און ווען איהר האט האפנונג, פערלירט ניט דיא וואפען,
וואס קענען אייך פיהרען צום זיג,
פערלירט ניט דיא ווארהייט, זיא קעמפפט פיר דיא שקלאפען,
פיר מענשליכע פרייהייט און גליק!

*

זעהט וויא דיא ווארהייט איז ערענד, בעגאסען
מיט טרערן, א בלוטיגער טייך — —
קומט צו איהר, רעטעט זיא, ברידער, גענאסען!
זיא קעמפפט און זיא בלוטעט פאר אייך!

---

# דער בעליידיגטער העלד.

1.

מיט א פרייעם גייסט אונד אייזערנעם מוטה,
איז ער איממער אין שטורם געשטאנען,
אונד האט וויא אַ העלד מיט זיין הערץ אונד בלוט.
געקעמפפט נעגען אללע טיראַנען.

2.

ער האט עלענד געוואנדערט פון שטאדט צו שטאדט,
פערפאָלגט פיר זיין ליעבע צו װארהייט,
אין איין האנד א זארג פיר'ן גאָלדענעם גאטט,
אין דער צווייטער א פאַקעל דער פרייהייט!

3.

דיא הערושער האבען געקריצט מיט דיא ציין,
פערדאממט איהם, געשלעפּט צום געריכט,
דאך איז ער געבליעבען אייזען אונד שטיין
אים קאמפף פיר פרייהייט אונד ליכט.

4.

וואס מעהר דיא טיראנען פון אונזער יאהר הונדערט
האבען דעם קעמפּפער פערפאלגט,
רעסטאָ מעכטיגער האט זיין שטיממע געדוננערט.
פערטהיידיגט דאס ליידענע פאָלק.

5.

אונד איז מען בעגאנגען אשרעקליכען מארד,
איבער פרייע קעמפּפער אונד דענקער,
וואר ער דער ערייזטע, מיט טהאט אונד ווארט
בראנדמארקט'ז שווינדלער אונד הענקער!

6.

ער שטעהט איי ייז קאמפף זא פרייא אונד שטארק,
וויא עס איז נאך היין קעמפּפער געשטאנען,
פאר זיין רויטהען פאָהז אונד שווארצען זארג
ציטטערן אלדע טיראנען!

7.

דאך זעה איך יעצט, וויא עס ווארפט אין איהם שטיינער—
ניכט נור זיין בלוטיגער פיינד ! —
אָה ניין ! עס ווארפט נאר שמוטץ אין איהם איינער,
וואס נעננט זיך מענשענפריינד ! ....

8.

וואס דענקט, אז מען קאנן מיט חן'דעלאך זיססע,
אונד מיט אראבגענאממענער הוט,
פויעלן ביי מערדער, מען זאל ניכט פערגיססען
אונשולדיגעס, מענשליכעס בלוט !

9.

וואס דענקט, אז מען דארף ניכט קיין בלוט אונד קרבנות,
נור א זיססען קאָמפלימענט
פאר הענקער, וואס האבען קיין פונק פון רחמנות,
ווערט מאכען פון קנעכטשאפט א ן ע נ ד ! ....

10.

אונד דיעזער... ווארפט שטיינער אונד ציניש בעליידיגט,
יעדען קעמפפער אונד עהרליכען מאן,
וואס דענקט ניכט וויא ער אונד מיט זיין בלוט פערטהיידיגט
זיין פאלק געגען יעדען טיראן !

11.

מענשען, וואס דאכען אין וייער הערצען,
פון גאלגען, פון שרעקליכען טוידט,
אום נור צו רעטטען דאס פאָלק פון שמערצען,
פון פיסטערניסס אונד נויטה ;

12.

אונד אין דיזע מענשען ווארפט ער מיט שטיינער,
דער דייטשער מענשענפריינד . . .
אונד בעשימפפט אויך דיא יונגע, היילינעביינער,
וואס רוהען אין טשיקאגא היינט!

13.

אונד מען האפט שאָן אונטער זיין געשרייא:
„ניעדער מיט אנארכיסטען“!
וייל וייער עהרע פערקויפען זיי
צו דיא קאפיטאליסטען! . . .

14.

אָה, דוממע פערלײמדונג! ווארפט נור א בליק,
אויף דיא טשיקאַגאָ מארטירער!
אונד נעהמט אייער שענדליכען שמוטץ צוריק,
ווען איהר זייט נישט קיין פאלקספערפיהרער!!

* * *

אָה, וויא פינסטער אין אונזער נאַכט!
איין ברודער דערקענט נישט דעם צווייטען,
אונד טרעט מיט דיא פיסס איהם, אונד שפאט, אונד לאכט
פון זיין ברודער׳ס וואונדען אונד קעטטען.

דאך זעה איך שאן קאממען דיא פרייע זאנג׳.
זיא וועט בעלייכטען מיט גאלדענע שטראהלען;
יעדען קעמפפער, וואס אין מיט זיין שווערד אונד פאהן.
אין קאמפף פיר פרייהייט געפאללען.

אונר עס וועלען קאָממען אויפ'ן הייליגען אָרט,
אללע מענשען—בּרידער—גישט.... יסטען,
אונר וועלעען קניען מיט טרערען דאָרט.
ביי דיא גרעבער פון אנארכיסטען!

## מיין לעצטע האפנונג.

אין שטורם, אין קאמפף, איז מיין יוגענד פערשוואונדען,
פין ליעבע, פון גליק האב איך ניעמאלס געוואוסט;
נור בלוטיגע טרערן און בלוטיגע וואונדען
האבען געקאכט און גיברענט אין מיין ברוסט.

*

פריה האב איך מיין הויז און מיין היימאט פערלארען,
פון קינדהייט האט מיך שוין דער שיקזאל פערפאלגט;
פערגיפטעט האט ער מיינע בליהענדע יאהרען
און אימער געמאטערט, געקוועלט און געיאגט.

*

פריה זיינען געשטארבען מיינע האפנונגען זיסע,
פריה האב איך דערזעהן דעם ווילדען קאָנטראסט —
דאס ארבייטער פאלק אין א פינסטערע תפיסה
און שווינדלער, בעטריגער אין א רייכען פאלאסט.

*

א געוואלטיגער שטורם האט מיין וועליג ערציטערט
און איך האב געשווארען ראכע און טויט
צו אלעס, וואס האט אונזער לעבען פערביטערט,
געמארדעט, בערויבט אונזער פרייהייט און ברויט.

*

פיר אלעס, וואס דעם מענשען איז הייליג און טייער,
האב איך גערופען צום קאמפף מיט געוויין;
אין מיין הערץ האט געפלאקערט א הייליגער פייער,
מיין לעבען, מיין גאט וואר דיא מענשהייט אליין!

*

עס האבען געלאכט דיא אונוויסענדע שקלאפען: —
„משוגענער דיכטער, הער אויף דיין גישריי,
„וואס ווילסטו מיט פרייהייט, מיט קאמפפען, מיט וואפען?
„דיא רייכע זינד מעכטיג און דיא וועלט איז פיר זיי!"

*

עלענד בין איך אין דעם שטורעם געשטאנען,
מיין עלענדער קאמפף האט געהאט קיין ערפאלג:
עס הערשען וויא אימער דיא ווילדע טיראנען,
עס בלוטעט וויא אימער דאס ארעמע פאלק.

*

אה, שיקזאל, דו האסט ניט געלאזט מיך ערווערבען
א פונק פון פרייהייט, פון מעשליכע רעכט;
איך וואר שקלאף אין מיין לעבען, אה, לאז מיך פריי שטערבע
פיר דיא בעפרייאונג פון ליידענדע קנעכט!

*

בערויב ניט ביי מיר מיין האפנונג זיסע,
מיין לעצטע האפנונג א מינוט פאר מיין טויט: —
זעהן וויא דאס פאלק וועט צוברעכען זיין תפיסה
און וועט זיך בעפרייען פון הונגער און נויט . . .

# מיין טרוים.

איך האב געטרוימט פון ווייסע בלומען,
ווייס, וויא געפאלענער שניי;
זיי זיינען אין מיין צימער געקומען,
איך ווייס ניט, וויא אזוי.
זיי האבען מיט זיידענע קווייטען בעריהרט
שטיל מיין הייסען שטערן;
איך האב אויף מיין קראנקער ברוסט געשפירט
זייערע פערל טרערן.

———

איך האב געפיהלט, וויא פון יערען בלום
גיסט זיך אריין אין מיין הערצען
א וואונדערבארער זיסער פארפיאום,
וואס היילט מיינע אלע שמערצען.—

אין פענסטער צו מיר האט אריינגעבליקט
דיא שעהנע, בלאסע לבנה.
איך פרעג זיא: ווער האט מיך בעגליקט
מיט דער גן-עדן מתנה?

---

זיא קוקט מיך אן מיט דיא זילבערנע שטראהלען
און פליסטערט שטיל צו מיר:
„דיא בלומען ויינען אראבגעפאלען
פֿון א הייליגען בוזים צו דיר!"

---

דיא פרייהייטס נעטין איז געפלויגען
שטיל דורך דער שקלאפען וועלט,
עס האבען בעמערקט איהרע הימלישע אויגען
דעם ארעמען דיכטער'ס געצעלט.

---

בלאס, אליין, פון דער וועלט פערגעסען,
ווייט פון איהר שמוץ און שוים,
איז ער מיט זיין פערער אין האנד געזעסען
פארטיפט אין א פרייהייטס טרוים.—

---

מיט טרערן האט דיא נעטין געבליקט
אויף איהר בלאסען זיננער
און האט פון איהר בוזים דיא בלומען געפליקט
מיט צייטערענדע פיננער;

„ער טרוימט פון מיר, ער ביינקט נאך מיר, —
„געהט צו איהם, שניי־ווייסע בלומען!
זאגט, אז איך שטעה ביי דער מענשהייטס טהיר,
וויל ניך צו דער מענשהייט קומען!“

———

טרייסט זיין הערץ, היילט זיינע וואונדען
מיט אייערע פערל טרערן“.
און דיא געטין איז פערשוואונדען
צווישען דיא גאלדערנע שטערן.

———

איך האב זיך אויפגעכאפט. דיא לבנה
שיינט, וויא זילבערנער שוים,
אבער, וואו איז דיא בלומען מתנה?
דאס וואר נור א טרוים, נור א טרוים! ....

———

דער זיסער טרוים איז אוועק געשוואומען;
דאך ווייס איך ניט, ווארום
איך קען ניט פערגעסען דיא שניי ווייסע בלומען
און זיך זיי אימער ארום.

# דער יתום.

---

בלויע אויגען, גאלדענע לאקען,
ווייס וויא אַ ליליען בלום,
אין אַ ארעמע העמדעל אהן שיך, אהן זאקען,
זיצט ער אין מיין רום.

*

אן ארעמער יתום ! קיין פאטער און מוטער,
פרעמדע געבען איהם ברויט;
ער ווייסט, דאס איך בין צו קינדער א גוטער
און קומט צו מיר מיט פרייד !

*

ער איז פול שעהנהייט און פאעזיע,
נור פרעמד אין איהם קינדערלוסט ;
טרויעריג זיצט ער ביי מיר אויף דיא קניע,
טולעט זיך צו צו מיין ברוסט !

*

איך הער, וויא זיין הערצעלע קלאפט וויא ערשראקען,
אין לעבענס שטורמווינד
איך בענעטץ מיט טרערן דיא שעהנע לאָקען,
פון אונגליקליכען קינד !

*

שעהנעס קינד ! ווען מען וואלט דיך ערצויגען
צווישען מענשענפריינד !
דו וואלסט, וויא א העלער רעגענבויגען,
מיט לעבענספארבען געשיינט !

*

ווען דיא נויטה מיט איהר אייזערנער האנד
זאל דיך ניט ווארגען, ניט שטיקען,
דו וואלכט אמאל מיט נייכט און טאלאנט
ריא מענשליכע הערצער ערקוויקען!

*

נור עלענר ביסטו, ארעמעס קינד!
דו האכט קיין פריינד, קיין היים,
וויא א צווייגעלע, וואס דער בייזער ווינד
רייסט אראב פון א ביים

*

און טראגט ארום צווישען זאמד און שטיינער......
קינד! ווער פיהלט דיינע שמערץ?
דיך קושט ניט קיינער, דיך דריקט ניט קיינער
צו אווארמע מוטער הערץ!

*

אין דער קאלטער וועלט ווער וועט פון דיר דענקען?
צו ביזי איז דער רייכער הערר!
און דער ארעמער שקלאף קען דיר נור שענקען,
וויא איך, א ווארעמע טרער!

*

וואוהין.ווערסטו גיין? וואס וועט פון דיר ווערן?
עלענד וויא א שטיין!
אינטיעפען ים פון שמערצען און טרערן
וועט דיא אייפעלע אונטערגיין!

*

בלויע אויגען, גאלדענער לאָקען,
אַ וואונדערשעהנעס קינד ;
אונשולדיג, טרויעריג, בלאס און ערשראָקען
שטעהט עס אין שטורמווינד.



# צורוף דער „וואהרהייט“.

היילינע וואהרהייט, איך בעגריס פון מיין הערצען
דיין קומען אויף אונזערער וועלט,
וואו דאס פאלק איז פערזונקען אין עוויגע שמערצען,
וואו עס הערשט נור פאלשקייט און געלט.

*

קום, בעלייכט מיט ריינע הימעלשע שטראלען
דיא שרעקליכע פינסטערע נאכט,
וואו טויזענדער מענשען אונשולדיגע פאללען
אין קאמפף מיט דער טיראנישער נאכט.

*

קום, ערקלער אונז מיט ליעבע אונד קלארהייט,
וויא שענדליך עס איז שקלאפעריייא
אונד נור דורך דעם קאמפף פיר ליעבע אונד וואהרהייט
קען דאס פאָלק ווערן גליקליך אונד פרייא.

*

בעגייסטער, פֿעראייניג דיינע ארעמע ברידער!
הייב אויף דעם געפאלענעם קנעכט.
צערברעך זיינע קעטען, בעפרייא זיינע גלידער
אונד גיב איהם דאס מענשליכע רעכט! ......

# מיין צוואה

גנעווידמעט צו .H. S

אָ גוטע פריינד! ווען איך וועל שטארבען,
טראגט צו מיין קבר אונזער פאהן —
דיא פרייע פאהן מיט רויטע פארבען,
בעשפּריצט מיט בלוט פון ארבייטסמאן!

*

אין דארט אונטער דעם באננער רויטען
זינגט מיר מיין ליעד, מיין פּרייעס ליעד!
מיין ליעד „אין קאמפף“, וואס קלינגט וויא קייטען —
פון דעם פערשקלאפטען קריסט און איד.

*

אויך אין מיין קבר וועל איך הערען
מיין פרייעס ליעד,-מיין שטורם-ליעד.
אויך דארט וועל איך פערגיסען טרערן
פאר דעם פערשקלאפטען קריסט און איד!

*

און ווען איך הער דיא שווערדען קלינגען
אין לעצטען קאמפף פון בלוט און שמערץ —
צום פאלק וועל איך פון קבר ויינגען
און וועל בעגייסטערן זיין הערץ !

# דער וועקער

הערט נור צו, וואס איך וועל זאגען:
ווען איהר ווילט קיין קייטען טראגען —
קומט אין אונזער פאָלק.
וואס מיר ווילען, ניט פיעל רייען,
אין פון שקלאפען יאך בעפרייען
דאס אונטערדריקטע פאלק.

*

קימט צו אונז מיט פרייע ווערטער,
פרייע הערצער, פרייע שווערטער,
קומט אין פרייען שלאכט,
קעמפפען ווילען מיר, ביז וואנען
עס וועלען פאלען דיא טיראנען—
שווינדען ווירד דיא נאכט.

*

װעהם, נור װיפיעל קעמפפער פאלען
פיר דיא פרייהייטס אידעאַלען
אין קאמפף מיט טיראַנײ!
זאלען מיר דען רוהיג שװײגען,
רוהיג זיצען אין דיא שטײנען—
רולדען שקלאפערײ?!

*

הערט װיא אונז דער פיינד בעלײדיגט,
נאטעס פורכט און קנעכטשאפט פרעדיגט
פיר דעם ארבײטס מאן......
שוין געגוג אין קייטען שלאפען,
ברעכט דיא קערקערס טהירען אפען,
טוּט צו דעם טיראן!

*

נימאלס װעט איהר נויט פערמײדען,
אימער שאנד און שמערצען לײדען,
זאלאנג װיא איהר זייט קנעכט.
ברידער, העלפט אײנער דעם צװײטען,
ברעכט דיא קייטען אן דיא קייטען,
קעמפפט פיר מענשענרעכט!

*

װיא לאנג װעלען נאך רעגיערען
װילדע הענקער און װאמפירען? —
לײ־ענדע ערװאכט!
קומט צו אונז מיט פרייע װערטער,
פרייע הערצער, פרייע שװערטער,
קומט אין פרײען שלאכט!

# צורוף

## אן דיא „פרייע ארבייטער שטיממע.“

---

פרייע ארבייטער שטיממע !
אויף דיין הייליגען לעבענס שוועל
בעגריסט דיך מיט ליעדער און טרערען
דיין אלטער פריינד פאסקארעל !

*

פירדאס הערצענס טיעפע געפיהלע,
איז צו ארעם אונזערע שפראך,
רייכער זינד אונזערע טרערען
מיט זיי קען מען זאגען אַ סך !

*

און מיט הייליגע ארבייטער טרערען,
וואס פאלען יעצט זעהר אַ סך
שרייב איך אויף, אויף דיין רויטהע פאהנע
„קעמפף פיר דיא הייליגע זאך !“

*

ווילד רוישען דיא קאלטע וועלען
פון דעם גרויסען לעבענס ים,
דיא ארעמע עלענדע שיפפער
זיי לעבען, זיי אטעמען קוים !

*

דער ווינד האט צוריססען ויא וענעל,
צובראכען דעם קליינעם קאמפאס...
עס איז זיי אין שטורם געליבען
נור הונגער, פערצווייפלונג און האס;

*

וואוהין עס טראגט זיי דער שטורם,
פון דעם האבען זיי קיין בעגריעף.
זיי שרייען, זיי געבען סיגנאלען—
דאך מען זעהט ניט קיין רעטטונגס שיף.

*

פרייע ארבייטער שטיממע!
דיין הייליגע פפליכט איז אצינד
העלפען בעפרייען דיא ברידער
פון שרעקליכען שטורמווינד!

*

צייג זיי דיין רויטע פאהנע,
אלס א הייליגען רעטטונגס סיגנאל,
בעלייכט זיי דעם וועג מיט דיין פאקעל,—
מיט דעם וואהרהייט בליצענדען שטראהל;

*

דורך שטורם, דורך רוישענדע וועללען,
דורך שטיינער, וואס ליגען אין וועג,
העלף דער פאלקס-שיפף עררייכען
דער פרייהייטס הייליגען ברעג!

*

העלף פערניכטען דיא ברואים,
וואס וויללען דערטרינקען ריא שיפף—
וואס וויללען וייערע ברידער
בעגראבען אין פינסטערניש טיעף !

*

קעמפף ניט מיט שוואכע פֿליגען,
ווען דער טיגער שטעהט ביי דער טיר ;
ווען טויזענדטע עלענדע ברידער
רופען נאך הילפע צוֹ דיר !

*

שווער ביי דיא הייליגע וואונדען
פון דיא קעמפפער פיר מענשענרעכט,
אז דיין הערץ, דיין גייסט, דיין לעבען
געהערט צו דיא ליידענדע קנעכט !

*

שווער, אז דו מוזט זיי העלפען
אין וייער ביטטערע נויט ! —
שווער, אז דוא מוסט פערניכטען
יערע שענדליכע שקלאפען קייט!

*

שווער ביי דער פרייהייט פֿאהנע—
רויטה פון מארטירער בלוט—
אז קיין שמורם, קיין פיינד, קיין פערצווייפלונג
ועט ניט צערברעכען דיין מוטה!

*

אז נור דער טויט אדער פרייהייט
וועט צו שיידען דיך מיט דעם שווערד !
ערקלינג, פרייע ארבייטער שטיממע,
איבער דער גאנצער ליידענדער ערד !

*

וועק דיא פערשקלאפטע מענשהייט
צו דער לעצטער רעוואלוציאן !
מיט אייזערנע מוטה, מיט בעגייכטערונג—
דיין הייליגע ארבייט פאנג אן !

---

# דיכטער און מוזע.

---

## דיכטער:

נום מארגען, מיין מוזע, מיין הימלעשע שענהייט !
דוא קוקסט עפעס היינט וויא אין כעס.—
האבען שוין ווידער דעם פאלקס אונטערדריקער
ערוועקט אין דיר צארן און האס ?

*

איך זעה אז ביין שיינעס געזיכט אין פערוואלקענט,
דיא הימלי׳ ,, אויגען זינר פייכט—
זאג מיר, וואס איז דען געשעהען, מיין ענגעל ?
זאג מיר, איך טרייסט דיך פיל״ייכט !

## מוזע:

—„איך קום יעצט פון טעמפעל, פון הייליגען טעמפעל
דער קונסט און ליטעראטור;
פון דארט, וואו אמאל האט ליעבע און שענהייט
גערוהט אויפ׳ן שויס דער נאטור.

*

וואו עס האבען געקלונגען הימלישע ליערער
פון ליעבע פרייהייט און גליק;
עס פלעגט דיא מענשליכע הערצער ערקוויקען
דיא הערליכע זיסע מוזיק!

*

דאך, מענשען, וואס האט איהר געמאכט פון דעם טעמפעל?
אמארק, א שמוציגען מארק!
או איהר פערקויפט אייער גייסט, אייער עהרע,
און טרייבט דיא ווארהייט אין זארג.

*

דאס, וואס היינט ווערט געלויבט און פערגעטערט,
'ווערט מארגען מיט בלאטע בערעקט
און איבערמארגען שוין ווידער פערצוקערט
געחנפעט, געשמייכעלט, געלעקט?...

*

און דיא וואס נענען זיך דענקער און קינסטלער,
פיר דעם שמוציגען גראשען, נישט מעהר—
ברעכען זיך, קרימען זיך דארט פיר׳ן עולם,
שפרינגען אהין און אהער.

*

דיא רײנסטע געפיהלען, דיא הײליגסטע פערל
פון מענשליכען הערץ און פערשטאנד—
װערען געטראטען פון שמוציגע ברואים,
פון דומהײט, געמײנהײט און שאנד !

*

און דאס איז דער טעמפעל, דער הײליגער טעמפעל
פון קונסט און ליטעראטור !
װאו זײט איהר, איהר װאהרע דענקער און קינסטלער,
איהר ליבלינגע דער נאטור ?

*

װאס לאזט איהר פערשמוצען דיא גאלדענע פאהנע
פון קונסט און פאעזיע ?
װאס לאזט איהר אריין אין הײליגען טעמפעל,
פערפעסטעטע, שמוציגע פיה ?

*

װאס פערטרײבט איהר זײ ניט מיט אײזערנע ריטער
פון קלארען פערנונפט און קריטיק ?
װאס לאזט איהר זײ דיא מאסע פעררארבען
מיט זײערע הינטישע שטיק ?

*

פערטרײבט דיעזע העסליכע, שמוציגע ברואים!
און מיט אײער זיסען טרומפעט
רופט צוזאמען דיא ארבײטער פרײנדע
פון קונסט און הומאניטעט !

*

בויעט אויס א טעמפעל, א הייליגען טעמפעל
פון פרייהייט און זיטליכקייט—
בעגייכטערט דאס פאלק, ערוועקט אין זיין וועלע
ווארהייט און ברידערליכקייט!

*

און ווען עס קומט א ביטערע שטינדע,
און דיא נויט איהרע ציינער בעווייזט—
דאן עהרליכער דענקער! פערקויף דיינע מוסקעלן,
נור פערקויף ניט דיין הערץ און דיין גייסט!

*

פערקויף ניט דיין פעדער—אין איהר איז דיין וועלע,
דיין הייליגער לעבענס געצעלט;—
דיין קערפער וועט שטערבען, דיין פעדער וועט לעבען
און שפרעכען פון דיר צו דער וועלט!

*

פערקויף ניט דיין פעדער! אין קעלט און אין הונגער
פעראכטעט, פערלוימרעטי פערפאלגט—
בלייב טריי דיין געוויסען, אויף׳ן שוועל פון דיין קבר
זינג צו דיין ליידענדען פאלק!



# פאָרווערטס !

צו דער ארבייט! פאָרווערטס, ברידער,
אלע, אלע, קומט מיט מוטה !
פרייע ארבייט שטארקט דיא גלידער —
און זיא רייניגט אונזער בלוט.

*

פוילט זיך ניט ! אשאנדע—חלעב'ן—
שלאפען אין א צייט פון קריג !
ווילט איהר וויסען, וואס הייסט לעבען —
קעמפפט פיר אלגעמיינע גליק !

*

פאָרווערטס, שטופּט דיא פרייהייטס רעדער !
מיט'ן שווערד, און מיט'ן פען —
לאָז זיין ארבייט טוהן אַ יעדער —
וויא ער קען און וואס ער קען.

*

לערנט זעלבסט און אויך דעם צווייטען —
צייגט דעם וויסענס ריינעם קוואל !
און צוגליהט דיא שקלאפען קייטען
מיט דער ווארהייטס הייסען שטראל !

*

וואַרפט אַריין אין אַלע קלאַסען
פונקען פון דעם פרייעם גייסט !
לערנט דיינקען, קעמפפען, האַסען ;—
דאַס איהר מענשען זינד בעווייזט !

*

און ניט ציטערט פיר דיא הענקער !
שטערבען וויא אַ פרייער מאַן —
איז דאָך ליבער פיר'ן דענקער,
וויא זיך צו בוקען צום טיראַן.

*

נאָך דיא שטורמען, פרעסט און שנייען
קומען וועט דער שיינער מאַי,
וואַס מיר וועלען יעצט פערזייען,—
וועט דאַן בליהען פראַנק און פריי !

*

און אַ יעדער וועט געניסען
פון דעם ריינעם פרייהייטסבוים
זיסע פריכטע, וואַס פערזיסען
יעדעס הערץ און יעדען היים !

*

פאָרווערטס! שטופט דיא פרייהייטס רעדער !
אַרבייט, ערנסט פול מיט גייסט ! —
מיט'ן שווערד און מיט'ן פעדער; —
דאַס איהר מענשען זינד, בעווייזט !

## צו דיא

# ארבייטער פרויען.

---

נעווידמעט „דער ארבייטער פרויען ארגאניזאציאן.“

---

ארבייטער פרויען, ליידענדע פרויען!
פרויען, וואס שמאכטען אין הויז אין פאבריק,
וואס שטייט איהר פון ווייטען? וואס העלפט איהר ניט בויען
דעם טעמפעל פון פֿרייהייט, פון מענשליכען גליק?

העלפט אונז טראגען דעם באנער דעם רויטען
פארווערטס, דורך שטורם, דורך פינסטערע נעכט!
העלפט אונז וואהרהייט און ליכט צו פערברייטען
צווישען אונוויסענדע, עלענ־ע קנעכט!

העלפט אונז דיא וועלט פון איהר שמוץ ערהייבען!
אלעם אפפערן, וואס אונז איז ליעב;
קעמפפען צוזאמען, וויא מעכטיגע לייבען
פיר פרייהייט, פיר גלייכהייט, פיר אונזער פרינציפ!

ניט איין מאָל האבען שוין נאָבלע פרויען
געמאכט ציטערן הייגקער און טראהן:
זיי האבען געצייגט, אז מען קען זיי פערטרויען
אין ביטערסטען שטורם דיא הייליגע פאָהן.

דערמאנט זיך אָן אייערע רוסישע שוועסטער,
ערמארדעט פיר פרייהייט פון צאַר, דעם וואמפיר,
פערמאטערט ביז טוידט אין דיא שטיינערנע נעסטער,
פערגראבען אין שניי פון דעם וויסטען סיביר.

נערענקט איהר דיא נעמען, דיא הייליגע נעמען:
פעראווסקאיאַ, העלפמאן, גינזבורג און נאך
טויזענדע, וואס פלעגען זיך שעמען
צו טראגען געהארזאם דעם שקלאפעניאָך?

ווי ווינען אין שטורם זאָ העלדיש געשטאנען,
געטראָגען אין פּינסטערניש האפנונג און ליכט!
ראבע גענומען פון ווילדע טיראנען,
שטאלץ געקוקט דעם טויט אין געזיכט!

געדיינקט איהר זיי? דאן זאל וייער לעבען
בעגייסטערן אייך! איהר זאלט מיט ערפאָלג
לערנען און דענקען, קעמפּפען אונר שטרעבען
צו פרייהייט און גליק פיר דאס ארבייטער פאָלק!



# אויף אבאל.

וואס שטייסט דו, בלאסער טרוימער!
געזונקען דעם קאפּ אויפ'ן ברוסט?
זעה דיינע שוועסטער און ברידער
זינגען און טאנצען מיט לוסט!

*

זעה, וויא עס טראגען זיך פארלאך,
בעפלינעלט פון זיסע מוזיק, —
בעקעלאך גליהען, און אויגען
בליצען מיט יוגענד און גליק.

*

נור דוא ביסט בלאַס און פארטרויערט,
נור דוא ביסט, וויא אימער, אליין!
אליין, וויא אשטורם־זואלקען,
אליין, וויא אפעלזען שטיין!

*

דו שטייסט און דענקסט, אז מארגען
וועט דיא העסליכע טיראניי
ווידער דריקען און ווארגען
דיא קינדער פון שקלאפעריי!

*

און דיא שעהנע אויגען, וואס בליצען
יעצט, מיט ליעבע און מוטה,
וועלען זיין פייכט מיט טרערען
אונטער דעם אויסבייטערס רוטה!

*

און דיא בעקעלאך, וואס גליהען
יעצט, וויא א ראזע שעהן,
וועלען פון שמערצען ווערן
בלאס וויא אמארמארשטיין!

*

און דער שעהנער מונד, וואס זינגט יעצט
דאס ליעד פון פרייהייט און גליק,
ועט מארגען דאס לעבען פלוכען —
אין דער פינסטערער פאבריק!

*

זאָ דענקט דער בלאסער טרוימער......
ער דיינקט און שטעהט אליין, —
אליין, וויא אשטורם־וואלקען
אדיין, וויא אפעלזען שטיין.



# זינג מיט לוסט!

---

איך זאל האכען הונדערט קעפּ,
וואָלט איך אלע אבגעגעבען
פיר מיין גרויסען אידעאל,
ווייל אהן איהם וואס איז דער לעבען?

*

הייסט דאס לעבען? אימער זעהן,
וויא עס וועלקען ארום דיר
יונגע בלומען און עס פליעסען
הייסע טרערען אהן אשיעור?

*

הייסט דאס לעבען? פיר א שווינדלער
שוויינענד אנבייגען דעם קאפּ,—
קלייבען ברעקלאך, וואס ער ווארפט דיר,
וויא א הונד פון טיש אראפּ?

*

גוט איז דעם, וואס קען ניט לעזען,
אויף דיא מענשליכע געזיכטער. —
גוט איז דעם, וואס איז קיין דענקער—
גוט איז דעם, וואס איז קיין דיכטער.

*

גוט איז דעם, וואס האט אין הערצען
אלעס מענשליכעס פארלאָשען;
מעג דיא וועלט אין טרערען שווימען,
ער וועט ציילען זיינע גראָשען......

*

אבער דער, וואס וויים צו לעזען
ניט נור ביכער און ראָמאַנען,
דער וואס קען אויך לעזען הערצער,
וואס פארבלוטען פון טיראַנען —

*

אויף דיא מאַרמאָר ווייסע וואַנגען,
אין דיא אויגען וואס זיינד פייכט —
קענט איהר אונזער וועלט ערלערנען
בעסער וויא פון בוך פילייכט.—

*

קוקט זיך צו צו דיא געזיכטער,
צו דיא טרויעריגע, בלאַסע,
פון דיא היימלאָזע בערויבטע
קינדער דער פערשקלאַפטער מאַסע!

*

וואס פיר שמערצען! וואס פיר ליידען!
זיי צורייסען מיר מיין ברוסט!
און איך קוק מיט ווילדען צאָרן,
יוען מען זאגט מיר: „זיינגט מיט לוסט!"

*

„װינגט מיט לוסט ?“ אָ, דומע שקלאפען !
רופט די טענצער ! די פאיאַצען !
און זיי װערען אמוזירען
אייך מיט פויקען און מיט טאצען !

*

אבער װייסט, אז אויך פּאַיאצען
לאכען יעצט דורך הייסע טרערען,
און דער הונגעריגער טענצער
טאנצט מיט פלוך פיר זאטע הערען.

*

פֿרייד איז יעצט ניטאָ ביי קיינעם ;
יעדען איינעם איז יעצט שלעכט ;
פֿון די גלענצענדע באנקירער
ביז די אונטערדריקטע קנעכט, —

*

װייל דער רייכער װייס זיין ענדע :
דאס פון בערויבטען פאָלק,
פון פארבלוטיגטע געשפענסטער
װערט ער טאג און נאכט פערפאלגט.

*

און די ארעמע—זיי ליידען,
װייל זיי האבען קיין פֿערשטאנד,
אום צוא רייכען זיך װיא ברידער
אין דעם פרייהייטס קאמפף די האנד.—

*

זאגט, וואס איז א דוצענר שווינבלער
נעגען זאָ פיעל ארבייטס לייט ?
נור א ביסעל מוטה און אחדות
און מיר וועלען זיין בעפרייט !

*

דאך גענוג...... עס איז זאָ קלעגליך
רופט דיא טענצער, דיא פאיאצען !
און זיי וועלען פאר אייך שפרינגען
מיט דיא פויקען, מיט דיא טאַצען !

*

אבער ווייסט, אז אויך פאיאצען
לאכען יעצט דורך הייסע טרערען
און דער הונגעריגער טענצער
טאנצט מיט פלוך פיר דיא זאטע הערען.—



# סאפיא פעראווסקאיא.

געווידמעט מיין שוועסטער שרה ערעלשטאם.

דאס וואר אפרוי ! ועלטען זיינען פרויען
זא בראוו, זא נאבעל, זא גייסטיג וואונדערשעהן.
זיא וואר בערופען דעם פרייהייטס טעמפעל בויען
און מיט איהר בלוט האט זיא געפארבט זיין שטיין.

*

ראס וואר אפרוי ! דרייכטער פון א מאן
האט זיא געקעמפפט פיר פרייהייט און רעכט !
זיא האט געהאמערט דעם זארג פיר'ן טיראן
און האט געריסען דיא קייטען פון דיא קנעכט !

*

איהר פאטער האט זיין שעהנעס קינד ערצויגען
צווישען רייכטהום, בלומען, און מוזיק ;
איהר יוגענד, וויא א העלער רעגענבויגען,
האט געשיינט מיט ליעבע און מיט גליק.

*

עס פלעגען שטורעמען, וויא זיסע שטראמען, פליסען
אין פרייד, אויף בעלער, ביז א נייער טאג
האט זיא ערוועקט פון איהר חלום זיסען,
וויא דער קלאנג פון א שטורם גלאק !

*

זיא האט זיך אויפגעכאפט, און מיט ווילדען צארען
אראפגעריסען פון קאפ איהר בלומענקרוין ;
פרייהייט האט זיא דעם ארעמען פאלק געשווארען—
קעמפפען, לעבען, נור פיר איהם אליין !

*

זיא האט פערלאזען דיא וועלט פון רייכע גראפען,
אין פראסטע לאפטשעס און א סאראפאן
איז זיא אוועק צו אונטערדריקטע שקלאפען,
פרעדיגען האס צו דעם טיראן.

*

זיא איז אוועק צו דיא, וואס װען, שניידען
פיר אונז דאס ברויט מיט זייער שווייס און בלוט
און אליין נור קעלט און הונגער ליידען,
און שטעהען פֿיר דעם רויבער אהן א הוט.

*

צו זיי האט זיא געבראכט דיא פרייהייטס לעהרע
און האט מיט טרערען דערלאנגט דעם פאלק איהר האנד.
זיא האט אין איהם געוועקט זיין מענשענהערע,
גערופען איהם צום קאמפף, צום ווידערשטאנד!

*

אוועק זינד יאהרען, און זיא האט פערשטאנען
אז דאס ווארט איז שוואך, עס האט קיין ווערטה
אין דעם קאמפף מיר הערלאזע טיראנען!
און זיא נעמט אין האנד דיא פרייהייטס שווערד!

*

זיא קעמפפט און גראבט א טיפען שווארצען קבר
פיר דעם טיראן אין גאלדענעם פאלאסט.—
ווער האט, וויא זיא, דיא טיראניי געהאסט
מיט יעדען טראפפען בלוט, מיט יעדען אבר?

...... ...................................

*

אם ענדע איז דער ראכע־טאג געקומען,
פעראווסקאיא הייבט אויף איהר ווייסע טוך...
א באמבע דונערט... און אין בלוט פערשוואומען,
שטירצט דער טיראן, פאלט מיט אווילדען פלוך!

*

..............................................

וויא וואר דערוואָרגען פון געקרוינטען הענקער.—
דאָך איהר גייסט לעבט און ווירקט נאך יעצט.
פון הערצער איידעלע און פון פרייע דענקער
געליעבט, געאַכטעט, בעוואונדערט, און געשעצט.

*

וויא שוועבט פאר מיר, דיא געטין וואונדערשעהנע!
בעצויבערענד, ענטשלאָסען, מילד און דרייסט,
און וויא ערפיעלט מיין הערץ מיט פערעל ריינע,
און בעפליגעלט מיין פערשקלאַפּטען גייסט!

*

איך הער איהר שטימע: „עס שרעקט מיך ניט דער הייננען,
ליעבע מוטער! מיט מיין טויט אצינד
וועל איך מעהר דער פרייהייט נוטצען בריינגען,
וויא מיט מיין לעבען. פארגיב דיין ארעמען קינד!„

*

אה, זיסע ווערטער! אה, הייליגעס געזיכט!
לאז יעדער מענש דיך אין זיין הערץ פארשליעסען
און, וויא אפּרילינגס זון, וועסט דו זיין וועג בעגיעסען
מיט בלומענדופט און וואונדערבאַרעס ליכט!



# לואיזע מישעל.

צו־וואָרפען דיא גלענצענדע לאָקען,
מיט מעכטיגען שווערד אין דער האנד
האט זיא געקעמפּפט אונערשראָקען
געגען דער שקלאפענשאנד!

*

מיט א מוטה, א וואונדערבארען,
האט זיא געבויט באריקאדען
אין האט דיא ביקסען געלאדען
פיר דיא קעמפפענדע קאמונארען.

*

צווישען דאנערנדע קאנאָנען,
און פייער פון פולווער און בליי
האט זיא געשטורמט דיא פּאָהנען
פון דער הערשענדער טיראניי!

*

פון דער בלוטיגער שלאכטפעלד־טריבונע
מיט דעם שטאָלצען פאלק פון פאריז
האט זיא פראקלאמירט דיא קאמונע,
דעם פרייהייטס פּאַראַדיז!

*

ראך ניט לאנג האבען רויטע פֿאהנען
געפלאטערט אין פרייעם פאריז;
דער פיינד איז מיט מארד קאנאנען
בעפאלען דעם טרוימענדען ריעז!

*

עס פאלט דיא קאמונע....זיא בלוטיגט;
דאָך ווייט איז דער פיינד פון ערפאלג;
דער פרייהייטס גייסט האט זיך מוטהיג
ערהויבען צום ליידענרען פאלק,

*

און טויזענדע בראווע קאמראדען,
וואס וואַרען אין קאמפף געשטירצט,
וואס האבען דיא באריקאדען
מיט הייליגע בלוט בעשפריצט,

*

דעבען נאך יעצט—און „נאך ראכע!"
רופט וייער שטימע מיט מאכט;
זיא רופט פיר דער הייליגער זאכע
צום לעצטען בלוטיגען שלאכט!

*

לואיזע מישעל איז געבליבען
צו קעמפפען פיר פרייהייט און רעכט,
צו האסען טיראנעו, און ליעבען
דיא עלענדע ליידענדע קנעכט.—

*

זיא פרעדינט אונערשראקען:
„פרייהייט, גלייכהייט און ליכט"
און ציהט דיא אלארם גלאָקען,
און וועקט אונז צו טאהן אונזער פפליכט!

*

פון דער הייליגער פאָלקס טריבונע,
פון ווילדע טיראנען פערפאלגט,
רשייט זיא; עס לעבע דיא קאמונע!
עס לעבע דאס ארבייטער פאלק!

# דער לעצטער סטרייק.

וויא לאנג, א וויא לאנג וועט איהר, ברידער, נאך סטרייקען
פיר דאס שטיקעלע שקלאפענברויט?
וויא לאנג וועט איהר שמאכטען, וויא לאנג וועט איהר בלוטען
אין פינסטערניש, הונגער און נויטה?

וויא לאנג וועט איהר שטיין מיט א נאקעטען רוקען
אונטער'ן בייטש פון'ם טיראן,
און שווימען פון וויגעלע ביז צו דעם קבר
דורך א בלוטיגען אקעאן?

*

ואג מיר, דו מעכטיגע, רייכטימער שאפענדע,
אייזערנע ארבייטער קראפט:
וואס האלט דיך געבונדען ? וואס צווינגט דיך פערבלייבען
ביי עטליכע רויבער פערשקלאפט ?

*

וואס דארפסטו שמאכטען אין טענעמענטהייזער,
וואו אויף דיר קוקענדיג וויינען דיא ווענט ?
דער גאלדענער שליסעל פון פרייהייט׳ס גן עדן
ליעגט דאך ביי דיר אין דיא הענד ?

*

וואך אויף ! און טרייסעל אראב פון דיא שולטער
דעם טיזענדיאהריגען שטויב !
מיט איין קרעפטיגען שטויס צו־וואלגער, צערשמעטער
דיין תפיסה, דו ארבייטער לייב !

*

רוף צונויף דיינע שוועסטער און ברידער,
און אונטער דער רויטהע פאהן
וועלען מיר אלע א סטרייק ערקלערען
דיא אויסבייטער, געלדזועק, און טראהן !

*

מיר וועלען סטרייקען פיר פרייע ארבייט,
וואס ווייסט ניט פון הערר און קנעכט !
מיר וועלען סטרייקען פיר פרייהייט און גלייכהייט,
פיר דאס היילינע מענשענרעכט !

*

מיר ווילען סטרייקען פיר א פרייע וועלט
אהן בלוטהיגר, אהן מארד־אינסטרומענטען,
וואו פרייע ליעבע און דער פרייער פערשטאנד
ווילען זיין דיא פרעזידענטען !

*

וואו אלע מענשליכע פערגניגען,
וואס דיא וועלט קען געבינען נור,
וועט יעדער פראנק און פריי געניסען
אויף'ן בוזים דער נאטור !

*

פיר דיעזען גרויסען אלוועלטליכען סטרייק
פעראייניגט זיך ארבייטער מאסען !—
ווען איהר געווינט שוין דאס שקלאפענברויט
בלייבען הונגריגע אויף דיא גאסען !

*

און וואס טויג ברויט, ווען דיא הענד זינד אין קייטען
און דאס הערץ איז פול מיט גאל ?
א ניין, נור פרייהייט קען מענשען רעטען
פון פינסטערן יאמערטהאל !

*

צו איהר לאמיר שטרעבען ! פיר איהר לאמיר קעמפפע
ווייל זיא אליין איז נור ווערט,
אז דער ארבייטסמאן זאל קושען איהר שטערן
און ציעהן פיר איהר זיין שווערט !

*

נור לאמיר, ברידער, פערשטיין מיט קלארהייט,
וואס מיר ווילען, און וויא אזוי ;
ניט „ברויט אדער ארבייט !“—„טויט אדער פרייהייט!“
דארף זיין אונזער קריעגס געשריי !

*　　*　　*

פארווערטס, ברידער ! צום לעצטען סטרייק
אונטער דער רויטהע פאהן !
זיין נאמען מאכט ציטערען אלע טיראנען
ער הייסט רעוואלוציאן!

# דער שניידער *)

אט זיצט א שניידער איי אַלטער
מיט ווייסע גרויע האר ;
זיין שער און נאדעל האלט ער
שוין גאנצע פופציג יאהר.

*　　*　　*

ער זיצט און דריי געבויגען,
ער ארבייט טאג און נאכט ;
מיט טרערען אין דיא אויגען
נייט ער, זיפצט און טראכט....

* * *

„אוועק זינד מיינע יאהרען
אין פינסטערניס און נויט;
דיא כוחות אין ארבייט פארלארען,
און דאך קיין רוה, קיין ברויט.

* * *

איך מוז הארעווען, מוז זארגען,
עס פלאצט אין מיר דיא גאל,
ווייל עס דארף האבען מארגען
דעם פראק א פראנט צום באל.

* * *

דער פראק מוז אויף איהם ליגען
זא גלאט, קיין קנייטש, קיין פלעק;
זאונסט קען דער שניידער קריעגען
פונגוטען באס דיא סעק.

* * *

גלענצען מוז ער וויא א שטערען
אין פראק דער מארנער העלד —
פון דעם ארעמען שניידערס טרערען,
וואס וויים פון זיי דיא וועלט?"

* * *

אט גייט דער שניידער ארעם,
צערבראכען, שוואך און בלאס;
זיין ארבייט אונטערן ארעם,
זיין געזיכט פון טרערן נאס.

* * *

דער באס וויל ניט בעצאהלען,

דער ראק ליגט עטוואס שלעכט:

„פון הונגער ווער געשוואלען

און ארבייט ווייטער נעכט!“

* * *

דארט אין א שטוב א קאלטער,

דארטווארט מען שוין אצינד,

אז ברויט ברייננט באלד דער אלטער

און א פעני פאר דעם קינד.

* * *

„איך קען מיין האלז ניט שניידען,

דער באס גיט קיין פיטאק;

נאך מוזט איהר הונגער ליידען,

א קנייטש איז דא אין פראק!“

* * *

איהר שמערץ קען דיא פרוי ניט האלטען,

זיא וויינט, ווערט בלאס וויא טויט;

דיא קינדער קוקען אויף דעם אלטען,

קוקען און עסען ברויט...

* * *

א מענשען רייכע, זאטע,

קוקט אייך צו נאר גוט!

אויף אייערע קליידער גלאטע

ליגט דעם שניידערס בלוט!

# עלענד.

עלענד צו זיין—אה! וואס קען זיין שלימער?
עס ליעגט אויף דיין ברוסט א שטיין.
ועהסט טויזענדע מענשען און דאך פיהלסטו אימער,
אז רו ביסט אליין . . . אליין!

רו זעהסט, וויא דיא וועלט ווערט אין טרערן פארטרונקען,
וויא דער פרייהייטס גייסט איז פערהאסט:
און עלענד שטעהסטו, דיין קאפף געזונקען,
וויא א ניט געבעטענער גאסט.

דו האסט ניט פאר קיינעם דיין טרויער ענטדעקען:
אלעס דורשטעט יעצט געלד און בעטרוג;
דו האכט ניט קיין פריינדליכע האנד, וואס זאל וועקען
דיין מוטה מיט א ווארעמען דרוק.—

דיין שטאלצער גייכט רייסט זיך העכער און העכער,
דאך בייגט זיך אין שטורם דיין גוף, —
און, וויא פון א טורמע א יונגער פארברעכער,
קוקכטו מיט טרויער ארוף. —

עלענד געהסטו דיין וועג פאראיבער,
דעם וועג פון דערנער און שטיין,
דו צאפעלסט זיך אין דעם פרייהייטס פיבער,
דו קעמפפסט און פאלסט אליין!

# דער פריהלינג.

דער פריהלינג איז געקומען;
דיא זאננע גלאנצט און לאכט;
פראכט פאָל שמעקען דיא בלומען,—
אלעס האט אופגעוואכט.

דיא נאכטיגאל זינגט, דיא שטערן
בעלייכטען דיא שעהנע נאכט.
אין פריהלינג טרוימט זיך זא גערן—
איך וואנדער ארום און טראכט.

איך טרוים ניט, וויא גליקליכע ריכטער,
פון וויין און פון ליעבע און מאי:
אהן וויין זיינען מיר ניכטער,
אחן ליעבע זיינען מיר פריי.

איך טראכט פון דיא שקלאפען-געצעלטען,
וואו אלעס איז פינסטער און שטום;
וואו מען זעהט נור זעלטען
גאקראנקע, פערוועלקטע בלום......

וואס ווייסט מען דארט פון א פריהלינג,
פון הייליגע לעבענספרייד?
מען שלאגט זיך ארום פיר אשילינג,
מען עסט דארט פערגיפטעטעס ברויט.

ס' וונקען אין אבערגלויבען,
גלויבט מען אין גאט און אין שר,
מען לאזט זיך דריקען און רויבען,
מען שטארבט אויפ'ן שקלאפענבעט.

קיין גאלדענע פריהלינגס שטראהלען
קומען אהין ניט אריין;
אין פינסטערניש לעבען און פאלען
דיא קינדער פון קעטען און פיין.

נאכטיגאל, ואנענשיין, בלומען,
הייליגע, שעהנע נאטור!
וויא זאל איך בעגריסען דיין קומען,
ווען דו ביסט פיר דעם רייכען נור?

יוען איך זאהל זעהן בליעהען
יערעס מענשליכעס הערץ ארום מיר,
איך וואלט מיט טרערן קניען,
הייליגע געטין פיר דיר!

דיינע שטראהלען און פארבען
וואלט איך בעזונגען מיט לוסט;
איך וואלט אויך גליקליך שטארבען
אויף דיין שטאלצע, מילדע ברוסט!

דאך יעצט, ווען טרערן פליסען
און דער גאט מאמאן
האט מיט זיין שווערד צוריסען
דעם פאלקס הייליגע פאהן;

ווען קייטען, בארבארישע קלינגען
אין דער „פרייער רעפובליק"—
זאג, וויא קען איך זינגען
דאס ליעד פין פרייהייט און גליק?



# אונזער אידעאל.

נאך ניט איינמאל וועלען מיר פאלען
אין קאמפף פיר אונזער אידעאל,
פון געגנער ביטערע פערלוימדעט,
פערפאלגט, פעראכטעט איבעראל.

*

ניט איין מאל וועלען „קלוגע ברידער"
פון אונזערע וואונדען מאכען שפאס,
אונזער ברודער־האנר בעגעגענען
מיט שלאנגען־גיפט און ווילדען האס.

*

ניט איין מאל וועט דיא דומע מאססע,
פון דעמאגאגנען אנגערערט,
מיט שמוטץ פארווארפען אונזער פאהנע
און קריטיצינען אונזער פראפעט.

*

ניט איין מאל וועט מען נאך בעשאפען
א שפאנעל־נייע שקלאפען־רוט
און זאגען אונז: אט דאס איז פרייהייט,
נעהמט שנעל אראב פאר איר דיא הוט!

*

דאך וועלן מיר גיין מיט אונזערע וועגען,
פון אונזערס טרעטן מיר ניט אפ;
ווען אויך פיר יעדען שריט צו פרייהייט
בעצאהלען מיר מיט אונזער קאפ!

*

מיר ווילען קיין רעפארם־גליקען:
דען נענען אונזער אידעאל
ויינען זיי, וויא יאהר־צייט ליכטלאך
גענען א העלען זאנען־שטראהל.

*

האלבע פרייהייט איז קיין פרייהייט!
דאס איז פארפוצטע שקלאפען שאנד:
זיא וועט זעטינען אונזער מאגען
און ארעסטירען דעם פערשטאנד!

*

מיר ווילען אונבעגרענצטע פרייהייט,
וואו דאס געזעץ איז דיא נאטור;
וואו מיט א פולער ברוסט וועט אטהמען
דיא ריינע מענשליכע קולטור!

*

וואו קונסט, וואו וויסענשאפט און וואהרהייט
וועלען פיליכט צום ערשטען מאל
פון זיך אראבווארפען דיא קעטטען
און פריי ערהויבען זייער קול!

*

און וויא מען זאל אונז ניט פערלוימדען,
פערדאמען, דריקען איבעראל—
מיר גייען פארווערטס, אימער פארווערטס,
צור ליכט, צו אונזער אידעאל!

---

# דער אידישער פראלעטאר.

(געזונגען מיט'ן מאטיוו פון דער רוסישער רעוואלוציאָנעדער ליעד „וויא ושערטוואי פאלי....")

ברידער, מיר טראגען א דרייפאכע קייט—
אלס אידען, אלס שקלאפען, אלס דיינקער;
מיר ווערן געיאָגט און געמאטערט צום טוידט
פון אנטיסעמיטען און היינקער!

---

עס דריקט אונז אין רוסלאנד דער ווילדער קאצאפ,
און דא, אין דער פרייער מדינה
פארקערקערט מען אונז אין דעם פינסטערן שאפ,
וואו מיר בלוטען ביי דער מאשינע!

---

דיא בלומעלאך יונגע, וואס פאנגען ערסט אן
צו לאזען דיא איידעלע קוויטען
ווערן צוטראטען פון געלדזעק און טהראָן,
פערמאטערט אין שקלאפען־קייטען!

---

מען מאכט אונז פאר בעטלער, מען מאכט אונז פאר קנעכט,
מען ווערגט אונז, מען בייגט אונז אין דרייען;
מען זאגט אונז: אלעס דארף זיין פיר אייך רעכט,
און רויבט מען אייך– טארט איהר ניט שרייען!

---

דאך, ברידער, עס לעבט נאך דער הייליגער גייסט,
וואס מאכט פאר א העלד אויך דעם שלאפען;
וואס ווארפט אום דיא קערקערס, דיא קייטען צורייסט
און בעפרייט דיא פארמאטערטע שקלאפען!

---

ער וועט אונז העלפען, פון דרייפאכען פלוך
דיא ארבייטער מאסע ערלעזען:
נור דאן וועט דיא מענשהייט איהר טאגע־בוך
אהן טרערן, אהן שאנד קענען לעזען!

---

ברידער, מיר מוזען דיא ליידענדע ערד
פון קייטען, פון טרערן בעפרייען!
שולטער אן שולטער, מיט פאנצער און שווערט,
פאָרווערטס אין דיא קעמפפענדע רייהען!

---

וואס שווערער דער קריעג, דאס זיסער דער זיעג,
דאס פראכטפאלער זיינען דיא פירות!
און ווער עס פאלט אין פרייהייטס-קריעג,
דער לעבט אין דיא קומענדע דורות!

---

וואס טויג אונז דאס לעבען אהן פרייהייט, אהן רעכט,
אונטערן בייטש פון טיראנען!
ביז וואנען וועלען מיר בלייבען נאך קנעכט
חיימלאָזע שקלאפען—ביז וואנען?!

---

ברידער, שווערט דיא פערבלוטיגטע ערד,
דאס פאלק פון טיראנען בעפרייען!
שולטער אן שולטער מיט פאנצער און שווערד,
פאָרווערטס אין דיא קעמפפענדע רייהען!

# אויף דער וואכע?

---

געקריינט פֿון פיינד מיט גיפטיגע דערנער,
פון גוטע פריינד פארגעסען, פארלאזט—
וויא אויף דער וואכע אן אלטינקער זעלנער
שטייט ער אליין אויף זיין חייליגען פאסט!

*

דיא נאכט איז פינסטער, עס רעגענט און האגעלט,
עס הערט זיך אין ווינד א ווילדער געוויין—
אך, וויא עלענד איז דער און פארוואגעלט,
ווער אין שטורם שטייט אויף דער וואכע אליין!

*

אליין, פארגעסען פון פריינד און ברידער,
אליין, וויא א שיפֿעל אין שטורמישען מעער:
אט, אטווארפט דיך דער שטורם אנידער
און פֿון דער האנד פאלט דאס געוועהר!

*

דאך ניין, ער דארף ניט, ער טאר ניט יעצט פאלען!
ער ראנגעלט זיך מיט שטורם און קעלט,
ער הויבט אויף דאס געוועהר, פייערט סיגנאלען....
און עס ענטפערט איהם נור דאס עכאָ פון פעלד!

*

און עס פיעלען זיך אן זיינע אויגען מיט טרערן,
דאס הערץ ווערט פערגליווערט אין ברענענדען פראסט
און ווען עס וועט אויפגיין דער מארגענשטערן
געפינט ער איהם טוידט אויף זיין הייליגען פאכט....

# וואכט אויף!

וויא לאנג, אָ וויא לאנג וועט איהר בלייבען נאך שקלאפען?
און טראגען דיא שענדליכע קייט!
וויא לאנג וועט איהר גלענצענדע רייכטהימער שאפפען
פאר דעם וואס בערויבט אייער ברויט! ?

*

וויא לאנג וועט איהר שטיין אייער רוקען געבויגען,
ערנידעריגט, היימלאז, פערשמאכט!
עס טאגט! וואכט אויף! עפענט דיא אויגען!
ערקענט אייער אייזערנע מאכט!

*

פֿריידיגט דיא פרייהייט פון קאמפף באריקאדען!
ערקלערט דיא טיראנען א קריעג!
מוטה און ענטשלאסענהייט, בראווע קאמראדען!
וועלען אייך פיהרען צום זיעג!

*

קייטען און טראהנען, אלעס מוז פאלען,
אונטער דעם ארבייטערס שווערד!
מיט רופטענדע בלומען, מיט גאלדענע שטראלען!
וועט פרייהייט בעצירען דיא ערד!

*

און אלעס וועט לעבען, ליעבען און בליעהען
אין פרייהייטס גאלדענעם מיי!
ברידער גענוג פאר טיראנען צו קניען!
שווערט, דאס איהר מוזט ווערען פריי!

*

קלינגט איבעראל אין דיא פרייהייטס גלאקען!
פערזאמעלט דיא ליידענדע קנעכט!
און קעמפפט בעגייסטערט, קעמפפט אונערשראקען!
פיר אייערע הייליגע רעכט!



# „מיין פריהלינגס־ליעד“.

פיר דען „מארגענשטערן“

———

איך הער מען זינגט פון דער פריהלינגס וואנגע,
פון דער זיססער נאכטיגאל,
אונד איך זעה נור קאלטע פערפראָרנע הערצער
אונד הער קעטטען־מוזיק איבעראל...

*

וואס איז מיר פריהילינג, וואס איז מיר בלומען ?
דאס געניעסט יעצט נור דער טיראן !
ער לאזט נור איבער דיא גיפטיגע דערנער
פאר דעם ארעמען ארבייטסמאנן !

*

וואס ווייסט א שקלאף פון דעם זיסען פריהלינג ?
פאר איהם איז נור שטורם אונד פרעסט,
נישט מיט געזאנגען, מיט ויפצען אונד קרעכצען
איז פולל יעדער ארבייטער נעסט !

*

עס וועט אויך קאממען אמאהל דעם ארבייטערס פריהלינג.
דער פריהלינג פון פרייהייט אונד ליכט,
ווען א שטראהל פון גליק וועט אויך פריילוך שפיעלען
אויף דעם ארבייטערס בלאססע געזיכט !

*

ווען אויך פיר איהם וועללען בליהען דיא ראזען
אונד זינגען דיא נאכטיגאל,
אונד זיסס וועללען רוישען דיא גרינע וועלדער,
אונד דער זילבערנער וואסערפאלל . .

*

ווען אויך דעם ארבייטערס פרויען אונד קינדער,
—אונד נישט דעם רייכענס נור—
וועדלען געניססען דעם זיסען גן־עדן
דער שעהנער, דער רייכער נאטור !

*

ווען יערעס מענשליכעס הערץ וועט בליהען
מיט ליעבע, מיט הומאניטעט!
אך יענעם פריהלינג וועל איך בעזינגען
שוין נישט וויא אטרערען־פאעט!

*

איך וועל איהם בעגריססען, וויא דיא ערשטע ליעבע
א ליעבענדעס הערץ בעגריסט,
איך וועל איהם בעזינגען, וויא עס קען נור בעזינגען
א דיכטער אונד סאציאליסט!

*

איך וועל איהם בעגריסען, אונד וועל גערן קושען
זיין יערען הייליגען טריט...
אונד אין יערעס הערץ וועט אבקלאנג געפינען
מיין ליעבע, מיין פריהלינגס ליעד!



# אלבערט פארסאנס.

„לאז דיא שטימע פון פאלק געהערט ווערען!“
(א. פארסאנס.)

ער איז, וויא א מעכטיגער אייכענבוים,
געשטאנען אין שטורם ווינד!
דיא פאלקס טריבונע ואר זיין היים,
־אס פאלק־זיין ליעבלינג, זיין קינד.

---

קיינער האט, וויא ער, ניט פֿערשטאנען
זאָ גוט דעם גייסט פון פאלק,
און קיינער וואר פון ווילדע טיראנען
זאָ אונערבארמליך פערפֿאלגט.

---

ער האט צום פֿאלק אין זיין שפראך גערערט,
בענוצט איהם פֿערשטענדיגע וואפען,
ער וואר א קעמפפער, א פֿרייהייטס פראָפעט
פון דיא ווייסע און שווארצע שקלאפען!

---

ער האט דיא שקלאפען-וועלט בערייזט
און מיט טרערן בענעצט איהרע קייטען!
איבעראל פלענט זיין פרייער גייסט
דיא שטאלצע פליגעל פארשפרייטען!—

---

צווישען שטיינ-ברעכער, שמידען און וועבער,
אין יעדער שקלאפען-געצעלט—
ער האט אין דיא מיינס פון קוילענגרעבער
זיין פרייע טריבונע געשטעלט!

---

אונטערן אָפענעם הימעל, אין רעגען, אין פרעסט
האט ער דיא פרייהייט געפֿערדינט!
און מיט זיין דונערנדען פראטעסט
דיא ליידענדע שקלאפען פערטהיידיגט!

---

ער וואר א מ א ר א ט אין דיא פלאטענדע ריידעם,
א ס פ אַ ר ט א ק ו ס אין ווידערשטאנד!
א מאן פון פאלק, א שטענדיגער עדות
פון ארבייטערס טרערן און שאנד!

---

פיר זיין גייסטיגען אויג האט אימער געשוועבט
דיא גרויסע רעוואלוציאָן,
ער האט מיט איהר געאטהעמט, געלעבט,
מיט זיין בלוט געפארבט איהר פאהן!

---

ער האט אין דעם קלאנג פון קייטען געהערט
דעם קרעכץ פון פערוואונדעטער פרייהייט,—
וואס וואר אונטערדריקט פון'ם בלוטיגען שווערד,
געשענדעט פין מענשליכע נארהייט!

---

זיין הערץ וואר אן אפענער הייליגער בוך
פון א ערנסטען קעמפפער און דיינקער—
וויא ביטער, וויא ג־ויזאם דארף זיין אונזער פלוך
צו זיינע פערפאלגער און הייגקער!

---

פאלק! ער האט דיך געליעבט אהן א שיער,
מעהר וויא זיך, וויא זיין פרוי און קינד!
ער האט געלעבט און געשטארבען פאר דיר—
ענדיג זיין ארבייט אצונד!—

# דזשאן בראון.

נעקריינט מיט בלומען אין וואשינגטאן,
דער פאטריאטישער וועלנער,
און דער פרייהייטסקעמפפער דזשאן בראון? —
ער בלוטעט אין גיפטיגע דערנער!

דער גאלגאן איז דיא קרוין פון דעם העלד
דער אמעריקאנער געשיכטע, —
וואס האט געזייט אויפ׳ן גייסטיגען פעלד
דער פרייהייטס הייליגע פריכטע.

עס האט געברענט אין זיין ליעבענדען הערצען
דער האס צו שקלאפען שאנד;
ער האט דער ערשטער דעם קנעכט, דעם שווארצען
דערלאנגט זיין ברודער האנד.

ער האט מיט זיין פלאמענדער שטימע פערקינדיגט,
אז יעדער מענש מוז זיין פריי;
ער האט מיט זיין פרייהייטס־ליעבע געווינדיגט
גענגען דער טיראנייי.

מען האט איהם געפאנגען, מען האט איהם דערווארגען;
דאך באלד נאך זיין העלדישען טויט
האט אויפגעדעמערט דער גאלדענער מארגען,—
געפאלען דעם ניגערס קייט.

פארביי זיינען יאהרען . . . מען האט ערפונדען
א נייע שקלאפען־נעץ,
און יעצט זיינען מיר אלע געבונדען
פון ארדנונג און געזעץ . . .

צו זאמען מיט אונזער ברודער שווארצען
זינד מיר פערקויפטע קנעכט ;
דאך לעבט דושאן בראון אין אונזער הארצען,—
דער גייסט פון פרייהייט און רעכט !

ער איז דען קעמפענדעם ארבייטער ליעב,
אלס א וואהרער אמעריקאנער,
וואס האט געקעמפפט פיר זיין פרייהייטס פרינציפ,
געשטארבען אין האנר מיט זיין באנער !

ער האט אונז געציינט, אז פאלען און שטארבען
מוז דיא שקלאפעריי,
אז פעלקער פון אלע ראַסען און פארבען
מוזען און וועלען זיין פריי !



# לואיס לינג.

---

ער שטייט פאר מיר אין אשטראָם פון ליכט
אויף דער ונעלט פערבלוטיגטער ביהנע ;
עס רוהט אויף זיין וואונדערשיינעם געזיכט
דער פרייהייטס הייליגע שכינה.

*

'ונג און קרעפטיג, אין שווארצע לאקע
מיט א שארפען אדלער־בליק ;
וויא ברוטוס שטאלץ און אונערשראָקען
וואר ער אין פרייהיטס קריעג !

*

א לייב אין קאמפף — זיין העלדישע ברוסט
וואר מיט א בלומען־הארץ בעגאבען :
וואס האט מיר דער הייליגסטע ליעבע געוואוסט
צו ליעבען דאס, וואס איז שיין און ערהאבען :

*

וויא מעכטיג האט געדונערט זיין שטימע,
געבראנדמארקט דעם פאלשען געריכט !
וואס פיר וואהרהייטען ביטערע, שלימע
געשליידערט דעם פיינד אין געזיכט !

*

„טיראנען! איך האַב אייך מיט געזעצ,
מיט דיא פינסטערע סטאטטען!
וואס פאנגען דאס ארמע פאלק אין נעץ
און צווינגען איהם ליידען און בלוטען !"

*

„איך זאג אייך אָפען, איך גלויב אין קראפט.
אין קראפט פון דיא ארבייטער רייען !
געוואלד האט אונזער וועלט פערשקלאפט
און געוואלד וועט זיא בעפרייען !"

*

„אויף אייערע בלוטיגע מארד קאנאנען
ועלען מיר ענטפערן מיט דינאמיט !
מיר וועלען פארניכטען דיא קייטען און טראָגען
מיט אונזער גיגאנטישען שריט !“

*

„איהר לאכט—איהר דיינקט : „ווארט, ברודער, וואט,
מיר וועלען דיין שטימע דערשטיקען, צערשטערן
מערדער! דערשטיקט מיך! א צווייטער וועט באלד
אויף מיין הייליגען פאָסטען זיך שטעלען !“

*

„און וועט פארטזעצען אונזער הייליגע זאכע
מיט מעהר פייער און אייזערנעם מוטה !
טיראנען ! ער וועט פון אייך נעהמען ראכע
פאר אונזער אונשולדיגעם בלוט !“

*

„איך פערדאם אייער מערדערישען פערזוך
דערשטיקען דיא פרייע דיינקער !
איך האס אייך, איך שיק אייך א דרייפאכען פלוך !
היינגט מיך דערפאר, איהר היינקער ! . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

צו איהם האבען ערמאָרדערט דיא אונטערדריקער,
ארער ער זעלבסט מיט זיין פרייער האנד
האט צערשמעטערט זיין שטאָלצען קאָפּ אויף שטיקער—
דאס איז אונז אונבעקאנט.—

*

נור לינג איז ניט טוידט . . . אויף דיא קאמפף־באריקאדען
שוועבט נאך זיין גייסט! און איהר הערט,
וויא ער שרייט צו אונז: „פארוועךטס, קאמראדען!
פאָרוועךטס מיט פאנצער און שווערט!"

*

„אונזער רויטע פאהן מוז ווערן נאך רויטער
אין דעם לעצטען פרייהייטס קריעג!
ד״א קברים פון קעמפפער זיינען הייליגע לייטער,
וואס פיהרען צו פרייהייט און גליק!"

*

אזוי זאגט צו אונז לינג, זיין שטימע דונערט
און וועקט אונז צו אונזער פפליכט!
און דיא זון פון צוואנציגסטען יאהר הוודערט
שיינט אויף זיין שטאלצע געזיכט . . .

—✱(XX)✱—

# היינטיגע מענשען.

---

היינט זינד דיא מענשען גאנצע וועלטען
פון חכמה, פון רומהייט, פון פרייד און שמערץ:
אבער וועלטען, אך, זעהר, זעלטען
געפינט מען א ווארעמס מענשליכעס הערץ!

---

מיר האבען זעהר פיעל מאראליסטען,
מיר האבען געזעצע אויף יעדען שריט;
שרייבער, רעדנער, גלענצענדע איסטען,
נור מענשליכע הערצער....דאס האבען מיר ניט.

---

מענשען האבען דאס הערץ פערלארען
אין ווילדען יאגד נאך געלד און נאך רוהם;
מענשען זיינען שטיינער געווארען,
וואו ניפטיגע שלאנגען קריכען ארום.

* * *

ווארעמע הערצער, עדעלע, זיסע,
וויא שווער איז אהן אייך דער לעבענס וועג!
דיא וועלט איז א דולהויז, דיא וועלט איז א תפיסה,
אין כמארע פערלירט זיך דער היילינער צוועק!



# צו מיין שוועסטער!

---

פיר דעם „מארגענשטערן“

(געווידמעט אן אללע מיינע פערשקלאפטע שוועסטער).

---

שוועסטער מיינע גענוג שוין דיר זארגען,
נישט עוויג וועט פינסטער זיין ;
עס מוז דאך קאממען דער ליכטיגער מארגען—
דער הייליגער זאננענשיין !

לאז רוישען דער שטורם . . . מיט זיין ווילדען כעס
קען ער דעם שוועכלינג ערשרעקען,
דאך אין אונז דארף ער נור האס,
נור מוטה צום קאמפף ערוועקען !

ליעבע שוועסטער ! איך ווייס עס איז שווער
אונזער הערצען וויינען פערווערען !
דאך זעה אלליין, וויא קליין איז דיין טרער
געגען ים פון מענשליכע טרערן !

זאללען מיר דען וויא קינדער קלאגען
אויף דעם, וואס מיר לעבען שלעכט,
אונד ביז׳ן קבר דיא קעטטען טראגען,
וויא שוואכע געהארכזאמע קנעכט ? !

א, ניין ! איך ווייס, אין דיר בליצט שוין דער פייער,
וואס פלאקערט זא פרייא אין מיין הערץ !
אויך דיר איז דיא פרייהייט הייליג אונד טהייער,
דוא פערגעסט צו ליעב איהר דיינע שמערץ !

צוואממען מיט מיר וועסט דוא גענן אין שטורם,
אין קאמפף געגען טיראנייא !
אונד העלפען צוברעכען דעם אייזערנעם טורם
פון פינסטערניש אונד שקלאפערייא !

דוא וועסט נישט פערקויפען דיין יוגענד, דיין לעבען
פיר בעללער, שמאטעס, אונד געלד ;
דוא וועסט זיך ווידמען דעם הייליגען שטרעבען—
בעפרייען דיא ליידענדע וועלט !

דוא וועסט לערנען טרייא דיא ברענענדע פראגע,
וואס ווערט „ארבייטער פראגע" גענאנט ;
דוא וועסט דאן בעגרייפען דיא שרעקליכע לאגע
פון דעם פאלק אין יעדען לאנד !

דוא וועסט פערשטעהען פון וואנען דיא לארדען
האבען גענאממען דאס רעכט
פערנעהמען דאס לאנד, מיט צוואנגס־ארבייט מארדען
טויזענדטער ארעמע קנעכט !

דוא וועסט דאן געהען צו דיא ליידענדע שוועסטער
אין דער וועלט פון שווינדזוכט אונד נויטה,
אין טענעמענטס הייזער, אין דיא פינסטערע נעסטער,
ואו דער לעבען איז ביטטער וויא טוידט !

דוא וועסט מיט דעם פייער פון א ליעבענרעז הערץ
א נייע וועלט פיר זייא ענטדעקען ;
אונד דארט ווא עס וואהנט נור פערצווייפלונג אונד שמערץ,
אהייליגע האפנונג ערוועקען !

דוא וועסט פון זייא בילדען נייע רעקרוטען
פיר'ן קעמפפענדען פרייהייטס-פאלק ;
וועסט לערנען זייא דענקען, קעמפפען אונד בלוטען
פיר דאס פערשקלאפטע פאלק !

אונד דאן, ליעבע שוועסטער, וועסטו נישט וארגען,
וועסט ארבייטען העלפען דער צייט,
ברענגען אם שנעללסטען דעם ליכטיגען מארגען,
ווען אללעס וועט ווערען בעפרייט !

נור דאס פאלק וועט דיר זיין הייליג אונד טהייער,
אין איהם דיין לעבען, דיין גליק,
אונד שטאלץ וועסטו שטעהען אין שטורם אונד פייער
פון דעם הייליגען פרייהייטס קריעג !

אונד ווען דער טאג דער פרייהייט וועט קאממען,
וועט יעדער פראלעטאריאט
דיך קרוינען אין הערצען מיט גייסטיגע בלומען
אונד בעווינגען דיין העלדענטהאט !



# דער קינדער מעדינער.

## איין אריגענעלעס בילד פון לעבען.

אין א קאלטע, פינסטערע ווינטער נאכט
אין אין אפיס צום דאקטאר גראַן
אריינגעקומען בלאס און פערשמאכט
אן ארימער יונגער מאן.

דער דאקטאר האט איהם געפרעגט, וואס ער וויל.
ער האט געשוויגען א פּאָר סעקונדען,
און האט מיט טרערן, טרויעריג, שטיל
ענטדעקט פיר איהם זיינע וואונדען.

„איך בין ארעם, דאקטאר, שרעקליך ארעם!
איך האב א פרוי און קינדערלאך צוויי;
מיר לעבען אין איינעם אין דיא פינסטערע קברים,
וואו דיא וועגד זינד בעדעקט יעצט מיט שניי....

„איך בין אין א סטרייק שוין א מאנאט פיער
און קען קיין סענט ניט פערדינען.
דער לענדלאָרד קומט יעדען טאג צו מיר—
איך געה שיער אראב פון זינען!

„דאך, דאקטאר, איך בין נים געקומען צו אייך
איהר זאלט א נדבה מיר געבען.
צוואר איך בין ארעם און איהר זייט רייך,
דאך קיין בעטלער וואר איך ניט אין לעבען!

„אָ, ניין! איך קום עטוואס אנדערש בעטען....
אָ! וויא עס בלוטעט מ'יין הערץ!
דאקטאר! איך וויל איהר זאלט אונז רעטען
פון א נייעם אונגליק אין שמערץ!

„ביז יעצט האבען מיר מיט צוויי קינדער געליטען
שרעקליכען הונגער און קעלט!
און גיך וועט מיין פרוי ברענגען א דריטען
אומגליקליכען שקלאף אויף דער וועלט!

„בריינגען אויף עוויגע שמערצען און ליידען,
אויף דעם בלוטיגען יאַגר נאך ברויט!
איך וויל...., איך מוז דיזען אונגליק פערמיידען,
אָ, דאקטאר, העלפט מיר אין נויט!

„א שקלאפען קינד, חוץ קייטען און שמערץ,
וואס וועט איהם דיא וועלט געבען?
עס וועט פערשעלטען זיין פאטערס הערץ,
וואס האט איהם געגעבען דאס לעבען!

„עס ערוואַרטעט איהס דיא בעטלער שאַנדע,
דעם הונגערס אייזערנע רוט,
וואס טרייבט פֿערקויפֿען צו דער רויבער באַנדע
אונזער פרייהייט, אונזער בלוט!

„אָה, דאָקטאָר! עס איז נאָך צייט אצינד
דעם פונק פֿון לעבען דערשטיקען.
צו וואס זאָל נאָך אַן אונשולדיגעס קינד
דיזע פינסטערע וועלט ערבליקען?“

פערטראַכט האט דער יונגער דאָקטאָר גראַן
אַרומגעשפּאַנט אין זיין חדר.
ער האט בעטראַכט דעם אָרימען מאַן
אין זיינע צוריסענע קליידער.

זיינע שוואַרצע הענד, זיין בלאַסען שטערן,
זיין אַראָפּגעלאָזענע קאָפּף,
און וויא עס קייקלען זיך גרויסע טרערן
פֿון דיא טרויעריגע אויגען אַראָב!

„יונגער מאַן, איך האָב מיטלייד מיט אייך!
איהר ווילט בעגעהן אַ גרויסען פֿערברעכען;
איך וואָלט געקענט אָרעטירען אייך גלייך,
נור איהר זייט יונג, און איך רעכען—

„און איהר וועט מעהר דערפון ניט דענקען!
געהט צו דיא וואס זיינען רייך,
זיי וועלען אייך א פאר דאלאר שענקען
און האבען מיטלייד מיט אייך!"

אויף דעם בלאסען געזיכט פון אר̃ימען מאן
האט געשפיעלט איין איראָנישער שמייכעל;
ערשטוינט איז געווארען דאקטאר גראן:
„דער מאן האט פֿערלאָרען זיין שכל!"

„געהן צו דיא רייכע! צו דיא רויבער פֿון ליכט!
צופיעל גיפט איז שוין אין מיין בעכער!
ניט מיך—דיא רייכע שלעפט צום געריכט!
זיי זיינען דיא וואהרע פערברעכער!

„פון אונזער בלוט זיינען זיי רייך!
און ווען ניט דיקע, רייכע לארדען,
וואלט ניט געבעטען א פאטער ביי אייך
זיין אייגענעם קינד ערמארדען!

„געה צו דיא רייכע! איהר זייט ניט קיין שלעכטער,
איך דאנק אייך, דאקטאר גראן!"
און מיט א בייסענדען געלעכטער
איז אוועק דער יונגער מאן.

ווערדער א קאלטע ווינטערס נאכט;
ביי א פייער אויף א דיוואן,
זיצט איבער א בוך פערטראכט
דער יונגער דאקטאר גראן.

פלוצלונג הערט ער א געשריי:
„עפענט דיא טהיר, דאקטאר גראן!"
און בלאס וויא דער טויט, בערעקט מיט שניי,
לויפט אריין דער ארימער מאן.

„דאקטאר! פערלירט נים קיין מינוט,
מיין פרוי, זיא שטארבט אוועק!"
דער דאקטאר נעמט זיין ראק און הוט,
און זיי נעהן שנעל אוועק.

.....................................

אין א קליינעם רום, ביי א שיין פון א ליכט
האט דער דאקטאר גוט בעטראכט—
א יונגע פרוי מיט א דארע געזיכט,
שווארץ וויא דיא פינסטערע נאכט!

לעבען איהר זיינען געלעגען צוויי קינדער
און האבען געציטערט פון קעלט....
אָ, וויא גליקליך איז דער בלינדער
אין דיעזער פעראונגליקטער וועלט!

„וואס האט איהר דא מיט דער פרוי געמאכט!“
האט געשריען דאקטאר גראן.
„—איך האב צו איהר נעכטען א דאקטאר געבראכט“,
האט געענטפערט דער ארימער מאן.

„ער האט מיר געזאגט, דאס ער וועט דאס קינד..
—דאך, דאקטאר, וואס איז יעצט מיט איהר?
—ויא און דאס קינד זיינען טויט אצינר,
און דער שרעקליכער מערדער זייט-איהר!

„אָה, דאקטאר, רעטעט! רעטעט זיי!
—צו שפעט! עס איז אלעס פערפאלען!“
און דער עלענדער איז מיט א ווילדען געשרי
טויט צום בארען געפאלען.



# צום „משוגענעם פילאזאף.“

---

איך בין פערליעבט אין זיינע צייליען,
אין זיי לעז איך מיין אייגענעם שמערץ;
איך קען מיט זיי מיינע וואונדען היילען,
טרייסטען מיין ליידענדעס הערץ.

* * *

איך זעה אין זיי, וויא אין א שפיעגעל
מיין לעבענס יאממערטהאל;
איך זעה דארט מיין גייסט מיט פערוואונדעטע פליעגעל,
וויא ער רייסט זיך צום זאננענשטראהל!

* * *

איך זעה, וויא עס צאפלען זיך דארטען געדאנקען,
ריזעלבע, וואס ליגען האלב טויט
אין מיין ארעמען הערצען, צובראכנעם, קראנקען
פון עווינע ליידען און נויט.

* * *

וויא זיי קומען צו איהם, דאס קען איך ניט זאגען,
דאך זיי ויינען מיינע, איך שווער!
פיעלייכט האט צו איהם זיי דער שטורם פערטראגען,
דיא וועללען פון רוישענדען מעער.

* * *

ויינע געראנקען ויינען צושלאגען

אויף טויזענדע ריינע אלמאזען,

ער קען מיט איינפאכע ווערטער אונז זאגען,

וואס מיר מיט קלינגענדע פראזען.

* * *

אלזא, איך דריק וויא א ברודער זיין האנד

און האף ער וועט אנטווארט מיר געבען,

וויא קומט עס, דאס ער איז אזוי גוט בעקאנט

מיט דיא שמערצען און קאמפף פון מיין לעבען!

* * *

זיין שרייבען ערפיללט מיר מיט האפנינג און מוטה,

דאך קען איך זיך גוט ניט ערקלערן:

וויא קומט אין זיין טינטער מיין הערצענס בלוט?

וויא קומען צו איהם מיינע טרערן?



— דער —

# 11טער נאוועמבער.

---

עס פלאטערן ווידער דיא בלוט=רויטהע פאהנען !
עס קלינגט דער פרייהייטס הייליגע שטים !
נאך אמאל וועט מען דעם פאלק דערמאנען
דיא קעמפפער, וואס לעבען און שטערבען פאר איהם !

*

אין דער וועלט=געשיכטע וועלען מיר ווידער
אויפמישען דיא מארטירער=בלאט,
וואס איז פריש נאך מיט בלוט פון אונזערע ברידער,
ערמארדעט פון געלדזאק, קירכע און שטאאט !

*

פינף גייסטער פערכלוטיגטע וועלען שוועבען
איף דער פאלקס=טריבונע צווישען ליידענדע קנעכט ;
און וועלען אונז מוטה אונבעזיגבארען געבען
צו לעבען און שטערבען פיר פרייהייט און רעכט !

*

זיי וועלען עראינערן אונז דיא צואה,
וואס זיי האבען דעם ארבייטער פאלק געלאזט :
„קעמפף פיר דיין פרייהייט ! קיין שום חיה רעה
„דארף דיך ניט פערטרייבען פון הייליגען פאסט !"

*

„נים שרעקט זיך פיר היינקער מיט וייער תליה!
„קעמפפט און קלינגט אין פרייהייטס גלאָק!
„און זיינט דיא אַל־וועלטליכע שקלאַפען מודיע,
„אַז עס דעמערט שוין דער בעפרייאונגס טאָג!“

*

אין אויףביידע ברעגען פון גרויסען אַטלאַנט
וועלען דיא שקלאַפען פון אַלע נאַציאָנען
זיך רייכען פריינדליך דיא ברודער האַנד
און שווערן צו פערניכטען קייטען און טהראָנען...



# איך בין דאס שווערט.
# איך בין דער פלאם.

[פריי בעארבייטעט נאך היינריך היינע.]

---

איך בין דאס שווערט, איך בין דער פלאם,
איך האב געקעמפפט, און וויא א שטערן
האב איך בעלייכטעט דעם שטורם ים
פון מענשען בלוט און מענשען טרערן.

*

איך האב אייך צום פרייעם קאמפף געוועקט,
דאך שווער איז יעצט אהן אפפער זיעגען:
מיט וואונדען בלוטיגע בערעקט
ווה איך אין שלאכטפעלד קעמפפער ליעגען.

*

דאך יעצט איז ניט דיא צייט פיר טרערן,
מיר מוזען קעמפפען אויף דאס ניי—
ביז מיר צערשמעטערן, צערשטערן
דיא וויסטע וועלט פון שקלאפעריי!

*

פערלירט ניט ברידער האפנונג, מוטה,
פון שלאכטפעלד איז א שאנר אנטלויפען;
ווען אייך מיט לעצטע טראפפען בלוט
מוז מען דער מענשהייטס פרייהייט קויפען!

*

פערגעסט דיא אלטע שווערע וואונדען,
וויא פינסטער זאל דיא נאכט ניט זיין,
אם ענדע מוז זיא דאך פערשווינדען
און געבען פלאץ פיר זאנענשיין!

*

לאז רוסלאנד אונז אלס ביישפיל דיענען,
דארט פאלען אפפער אהן א צאהל;
דאך וועט איהר אימער דארט געפינען
א קעמפפער גרייט פיר ברוטוס ראָל! *)

*

דארט וועלען נאך פיעלע אפּפער פאלען,
דאך פאלט דארט ניט דער העלדענמוטה —
ער פלאנצט דיא פרייהייטס אידעאלען
מיט הייליגע מארטירער בלוט...

*

וואכט אויף אה, ברידער, מיט שווערט און פלאם
קומט אלע מיט אין דיא קעמפּערס רייהען!
און ווען אויך מיר פאלען אין דעם שטורם ים,
מיר וועלען דאך דיא וועלט בעפרייען!...

——→⟩(XX)⟨←——

# בלומען און שטערן.

---

איך בין פערליעבט אין א שניי ווייסע בלום;
ווען איך זעה זיא ניט ווילט זיך מיר קלאגען,
זון וויא איך דערזעה זיא ווער איך זא שטום,
דאס איך קען קיין ווארט ניט זאגען.

* * *

ווען עס קומט דיא נאכט און עס איז שטיל אומעטום,
אין הימעל שיינען דיא שטערן,
דאן גיי איך אין גארטען צו מיין שניי־ווייסע בלום—
צו זעהן זיא בין איך זא גערן.

* * *

פון הימעל שיינט דיא שיינע לבנה,
זיא זעהט מיין ליעבע, מיין שמערץ.
זיא איז ניט זא שמאלץ וויא דיא גאלדענע זאננע,
און האט מיטלייד מיט מיין הערץ.

* * *

זיא זעהט, וויא איך וואנדער אין גארטען ארום
און בענעץ דארט דיא בלומען מיט טרערן,
און זיא זאגט: „צו וואס ליבסטו דיא אירדישע בלום,
ווען עס גיבט זא פיעל הימלישע שטערן.

* * *

דיא אירדישע בלומען זינד זעהר צולאזען,
זיי האבען, אר קיין מ[illegible]ואל,
זיי ליעבען הייטע דיא שיינע ראזען
און מארגען דיא נאכטיגאל,

* * *

און איבערמארגען א גאלדענע פליג
און פערגעסען דיא שיינע ראזען;
פערגעסען דיא נאכטיגאל'ס זיסע מוזיק —
יא, דיא אירדישע בלום איז צולאזען.

* * *

ליעב דיא שיינע, דיא ליכטיגע שטערן,
זיי זינד זא גוט, זא טריי;
זיי וועלען ניט נארען, זיי וועלען ניט שטערן
צו זיין פערגניגפטיג און פריי.

* * *

זיי וועלען דיר זינגען א הייליגעס ליעד,
וואס געטטער און ענגלען נור הערן.
דיא אירדישע בלומען פערשטייען דיך ניט,
קום צו דיא גאלדענע שטערן.

* * *

זיי וועלען דיך ליעבען, זיי וועלען דיך קיסען
זיי וועלען דיין טרויער צערשטערן,
און ווערסט פון זעליגקייט טרערן פערגיסען,
דאן ווערט פון זיי הייליגע שטערן,

* * *

וואס וועלען בעלייכטען מיט בליצענדע שטראהלען
פיר עלענדע מעגשען דעם וועג,
און אין דער פינסטער ניט לאזען זיי פאלען—
פיה־ען צו א הייליגען צוועק.

* * *

און ווען דו דערציילסט פון דיא אירדישע וועגען,
וואו בלוט ווערט פון מענשען געזויגען,
דאן וויינען דיא שטערן און א גאלדענער רעגען
שפריצט אויס דיא הימלישע אויגען.

# וואהרהייט.

* * *

קום מיט מיר ליעבער צו דיא גאלדענע שטערן,
דא ביסטו זא בלאס און זא מיער.
אויף מיין שניי־ווייסע ברוסט וועסטו רוהען און הערן
דיא זיסע דיא הימלישע ליער.

* * *

און ווען עס וועט ווערן דיר אומעטיג זיצען
אין רוהיגען הימעל־געצעלט,
דאן רוף איך דעם שטורם, דעם דונער און בליצען,
און דו פיהלסט אלע שמערצען דער וועלט".

*   *   *

זא זאגט דיא לבנה, און וויא א קינד אין אַ וויגעל
אין מיין ברוסט ווערט איינשלאפען מיין שמערץ,
און איך זעה אין מאנד וויא אין א זילבערנעם שפּיגעל
דאס ליידענדע מענשליכע הערץ.



# וואהרע און פֿאַלשע העלדען.

---

שרייבער, רעדנער, פילאזאפֿען,
פיר דען גרויסען הייליגען צוועק—
צו בעפרייען אללע מענשען,
שיטען ווערטער גאנצע זעק.

*   *   *

מאנכע האנדלען אויך מיט ווערטער
און פערקייפֿען זיי דער וועלט
איינער פיר אפלאדיסמענטען
און דער אנדערער פיר געלד!

*   *   *

דאך דער וואהרער זאהן דעם פאלקעס
ניט צום ווארט—ער גרייפט צום שווערד,
אין פיר זיינע ברידער שקלאפען
קעמפפט ער מוטהיג וויא א העלד!

* * *

און ער זוכט קיין מאנומענטען,
קיין פערזענליכען ערפאלג;
גערן ליידעט ער און בלוטעט—
אלעס, אלעס פיר דאס פאלק.

* * *

פיינדע ווארפען אין איהם שטיינער,
פון איהם לאכט דער זאטער נאר;
דאך דער העלד גייט אימער פארוועררטס,
אימער פארוועררטס אין געפאהר—

* * *

אין זיין האנד דיא פרייהייטס־פאהנע,
אין זיין ברוסט א ווארעמעס הערץ
פול מיט ריינע מענשען־ליעבע,
פול מיט טיפען האס און שמערץ!

* * *

אין דער שווארצער נאכט און שטורם,
וויא א שיינער זאנען־שטראהל,
בליצט און שיינט פאר זיינע אויגען
זיין געליעבטער אידעאל......

* * *

קעמפפענד שטארבט ער פאר דיא מענשהייט
און זיין קבר בלייבט אליין—
בלייבט אליין אהנע שיינע בלומען,
אהן א רייכען מארמאר־שטיין....

*    *    *

דאך עס קומען שוין דיא צייטען,
ווען דאס פרייע פאלק דער וועלט
מאכט אונשטערבליך איהרען וואהרען
ועלבסט בעוואוסטען מענשען־העלד....

*    *    *

און פון אלע פאלשע העלדען
פון געזיכט דיא מאסקע פאלט,
און ווי צייגען וייער שווארצע,
וייער העסליכע געשטאלט....

*    *    *

דאן מיט שאנדע שטירצען ניערער
אלע שמוציגע פיגמיען,
עוויג לעבט דער וואהרער קעמפפער
פיר דיא הייליגע אידעען !



# דער וואנדערער.

איך האב אויסגעוואנדערט דיא גאנצע וועלט
און ניט געפונען קיין אָרט,
וואו עס זאל ניט הערשען שווינדעל און געלד
צוזאמען מיט רויב און מאָרד !

וואו פרייע ליעבע זאל ניט זיין פערבאטען—
דאך פריי פראסטיטוציאָן,
וואו ארבייטער זאלען ניט זיין געטראָטען
ביי פאליטיקער, געלדזועק און טראָן!

איך האב ניט בעגעגענט קיין איינציגע שטאדט,
וואו מערדער, גנבים און שקלאפען
זאלען ניט גלויבען אין קירכע, אין גאט
מעהר וויא דיא פרומע פפאַפען.

איך האב ניט געפונען קיין ושארגאנישע בלאַט,
וואו מען זאל זיך ניט פאַטשען, ניט קריגען,
און עס זאל ניט זיין א העלדענטהאט—
צו האלטען מלחמה מיט פליגען!

איך האב ניט בעגעגענט צווישען פרייהייטס בלומען
זאל ניט זיין אויך בלאָטע און מיסט....
און אז פאראזיטען, און מענשעלאך רומע
זאלען ניט שימפפען אויף אן אנארכיסט!

איך האב ניט בעגעגענט דיא וואס פערדיגען וואהרהייט
זאלען זאגען דיא וואוהרהייט אליין!—
וואו ביסטו מענשליכקייט! ליעבע און פרייהייט!
דיא וו.נ.ט איז זאָ העסליך־געמיין!

# מוטער און קינד.

---

אויף דעם פינפטען פלאר אין א שטאלינקען חדר,
בייי דעם רונקלען שיין פון א ליכט,
זיצט א יונגע פרוי אין צוריסענע קליידער
מיט א טרויערינע, בלאסע געזיכט.
*

ויא זיצט, איהר דארען קערפער געבויגען,
איבער איהר קראנקען קינד;
זיא נימט איהם, מיט טרערן איהר ברוסט צו זויגען,
דאך ניט מילך,— זיא האט גאל דארט אצונד.
*

דאס קינד געהט אויס פון הונגער, פון שמערץ,
עס שטארבט — „אוי, וויי איז מיר ווינד!"
דיא מוטער וויל שרייען, פערקלעמט איהר דאס הערץ—
און זיא חלשט ביי איהר שטערבענדען קינד.
*

עס איז שטיל אין צימער, פרזיערינ רנישט נור דער ווינד,
און אזוי וויא א פריינד א גוטער
בעוויינט ער אליין דאס אונשולדיגע קינד
און זיינע אונגליקליכע מוטער.

*

פלוצלונג קלאפט מען אין טהיר אז עס ציטערן דיא ווענט . . .
עס לויפט אריין דער לענדלארד פון הויז —
„וואס זיים איהר דארט טויב ! בעצאהלט מיר מיין רענט !
ניט ווארף איך אייך פון צימער ארויס."

*

נימא קיין אנטווארט. שטיל געהט אוים דאס ליכט . . .
אט פלאקערט עס נאך אמאל אויף
און בעלייכטעט א פארמאטערטע טויטע געזיכט
און דאס קינד אין דעם עווינען שלאף.

*

דער לענדלארד בלייבט שטעהן פאר דעם שרעקליכען קרבן,
ער נעמט דיא פרוי פאר דיא קאלטע הענט, —
„ויא איז טאקע, אפנים, פון הונגער געשטארבען;
„ווער וועט מיר בעצאהלען מיין רענט?!

*

אין צימער איז פינסטער, טרויעריג בלאזט דער ווינד
איבער דיא אפפער פון הונגער און נויט.
רוהיג שלאפט דיא מוטער מיט איהר אונשולדיג קינד
אונטער דיא שווארצע פליגעל פון טויט . . .



# דער פאל פון דער באסטיליע.

הערט וויא עס דונערט, עס שטורמט און קראכט—
דאס פאלט דיא באסטיליע—דיא שרעקליכע מאכט
פון פ־אנקרייך געקרוינטע באנדיטען.
דאס פאלט דיא באסטיליע, דיא בלוטיגע ווענט,
וואו יעדער שטיין איין איין עדות, א וועלט מאנומענט
פאר דיא וואס האבען פאר פרייהייט געליטען.

*

אין ווילדער פערצווייפלונג, אין בלוט און אין פלאמען
שטעהען דיא ליידענדע שקלאפען צוזאמען—
דיא קינדער פון הונגער און נויט.
זיי ברעכען דעם טהראן פון דיא הערשענדע היינקער
דעם פינסטערן קערקער פון מענשליכע דיינהער—
דעם גיהנם פון שרעקען און טויט.

*

עס האט שוין געשלאגען דיא שטונדע פון ראכע,
ווען שוואך זינד דיא שטארקע און שטארק זינד דיא שוואכע
אין זייער גערעכטיגען צארן.
עס פאלט דיא באסטיליע, עס שטורמט און קראכט:
דאס פאלט האט ערקענט זיין געוואלטיגע מאכט.
טיראנען, איהר זייט יעצט פערלארען!

*

איהר קענט מעהר ניט שיסען אין פֿאלק מיט קאנאָנען,
און זיצען זיך רוהיג אין גאלדענע טהראָנען,
און טרינקען דאס בלוט פון דעם פֿאלק.
איהר מוסט פֿון דיא רייכע פאלאסטען אנטלויפען;
פֿאר געלט וועט איהר יעצט מעהר קיין שקלאפען ניט קויפען.
שווינדלער האבען דא מעהר קיין ערפאלג!

*

עס ליגט אין רואינען דער פינסטערער טהורם—
און יעצט הייבט זיך אויף א געוואלטיגער שטורם
אויף דער שווארצער באסטיליע דער וועלט!
דארט, וואו א ברודער ערמארדעט דעם צווייטען,
דריקט איהם, בערויבט איהם און שליסט איהם אין קייטען,
פערקויפט איהם פאר לוקסוס און געלד.

*

און דיא הייליגסטע פפליכט פֿון מענשליכע פפליכטען—
אה, פאלק! — אין צערברעכען, פערברענען, פערניכטען
דיזע שווארצע באסטיליע דער ערד!
ערוועק דאך דיין גייסט, דיין קראפט, דיין צארן—
דער מענש איז פיר ליבע, פיר פרייהייט געבארן—
פֿארווערטס מיט פֿלאם און מיט שווערט!

*

פארווערטס אין קאמפף, מיט געוואלטיגען שטורם,
שטירצט דיא באסטיליע פֿון פֿינסטערן טהורם,
לאז פֿרייהייט בעלייכטען דיא ערד!

# דער ארבייטער.

(נאך נעקראסאוו)

שנעל לויפען דיא רעדער, ווילד קלאפען דיא מאשינען,
איז שאפ איז זא שמוציג, זא הייס:
דער קאפ ווערט פערטומעלט, אין דיא אויגען ווערט פינסטער,
פינסטער פון טרערען, פון שווייס,

*

געניג שוין אייך גיסען, איהר ביטערע טרערען,
איהר מאכט אויף מיין ארבייט אפלעק:
אין ווען דאס דערזעהט נור דער גזלן דער פארמאן—
ער טרייבט מיך פון דאנען אוועק.

*

וויא זאל מען דעם פארמאן מקנא ניט זיין,
זעהט וויא ער איז פעט און וויא רויט;
ער זויפט נור זיין ביער און רייכערט זיין סיגאר—
וואס ווייס ער פון הונגער, פון נויט!

*

ער שמייכעלט דעם באס און וויא אווילדע חיה
פאלט ער ארויף אויף דיא קנעכט;
ער צאפט זייא דיא בלוט און בייגט זיי אין דרייען
און בלייבט דערצו אימער גערעכט.

*

איך פיהל שוין ביי זיך קיין גאנצען אבר,
צערבראכען, צערדריקט איז מיין ברוסט,
איך קען ניט פון ווייטאג מיין רוקען צוביגען.
ביי נאכט לאזט ניט שלאפען דער הוסט.

*

וואו ביסטו פערשוואונדען, מיין גאלדענע יוגענד,
וואו ביסטו מיין בליהענדע קראפט,
פארוואס שלעכטע מענשען האט איהר מיך פון קינדהייט
ערמאטערט, גענוארגען, פערשקלאפט!

*

דאך וואלט איך ניט קלאגען אויף מיין אייגענער לאגע,
איך ווייס דאס דיא צייט איז ניט ווייט,
ווען רוהיג וועל איך שלאפען אין מיין פינסטערן קבר
פון שמערצען, פון קעטען בעפרייט.

*

נור ווען איך דערמאן זיך אן מיין פרוי, מיינע קינדער
דאן ברעכט מיר מיין הערצ פון געוויין—
ווער וועט זיי בעשיצען, ווער וועט זיי ערנעהרן,
זיי בלייבען אין וועלט גאנץ אליין!

*

איך זעה זיי וויא יעצט שוין פערהונגערטע, בלאסע
ביי דער טיר פון א רייכען מאגנאט:
דיא פרוי בעגיסט זיך מיט ביטערע טרערן,
זיא ציטערט פאר דעם הערר וויא א בלאט.

*

זיא בעט ביי איהם הילפע, זיא בעט איהם דעם רויבער
מיט א קינר אויף ריא דענד פֿאר איהם קניעט—
דער הונגער איז שוינקליך און בעצאהל ניט דעם לענדלארד
דאן ווארפט ער ארויס אויף דער סטריט!

*

איך הער וויא ער זאגט איהר: „מיר ווייסען אויך שנארערס,
וואס קומט איהר אונז דולען דעם קאפ"!
און ער טרייבט זיא ארויס מיט דיא וויינענדע קינדער
דער מערדער....אה, ניין—פילאנטראפ!

*

אה, ארבייטער לעבען, אה, שרעקליכעס לעבען
דיין שמערץ איז אהן א גרונד, אהן א ברעג!
אין דיינע בלוטיגע וואונדען זיצען גיפטיגע שלאנגען,
וויא א קבר איז פינסטער דיין וועג!

*

שנעל לויפען דיא רעדער, ווילד קלאפען דיא מאשינען,
אין שאפ איז זא שמוציג, יא הייס:
דער קאפ ווערט פערטומעלט, אין דיא אויגען ווערט פינסטער.
פֿינסטער פֿון טרערן, פון שוויים.

*

דער פארמאן לויפט ארום וויא אווילדע חיה,
ער טרייבט צו דער שחיטה דיא שאף—
אה, וויא לאנג וועט איהר ווארטען, וויא לאנג וועט איהר דולדן
ארבייטער ברידער, וואכט אויף!

# מערץ־בילדער

---

פון שרעקליכען קאמפף, פון בלוטיגען קריעג
איז רויט דער מאנאט מערץ.
א בלוטיגער פאל, א בלוטיגער זיעג—
עס בלוטעט דאס מענשליכע הערץ.

*

פראנקרייך ! דו שיינעס, דו פלאמענדעס הערץ
פון אלע רעוואלוציאנען !
מיט דיין מוטה איז געקרוינט דער מאנאט מערץ—
עס הילכט מיט דיינע קאנאנען.

*

פאריזער קאמונע ! דיין געטליכעס בילד
רופט פיר דיא טויטע נאך ראכע ;
און זינד דיא טיראנען נאך זא ווילד,
דאך לעבט דיין הייליגע זאכע !

*

עס לעבט דיין פרייער, דיין הייליגער גייסט
פיר נייע בליהענדע דורות,
צערשמעטערט דיא קערקערס, דיא קייטען צורייסט
און ברייננט אונז ערקוויקענדע פירות.

*

און עס וועט נאך קומען א געוואלטינער מערץ—
דיא מענשהייט קען איהם ניט פערמיידען,
ווען דאס בעפרייטע, דאס מענשליכע הערץ
בעצאהלט פיר זיין עווינעס ליידען.

*

עס פאלען נאך פיעלע, נאך פיעלע קרבנות
אין קאמפף פיר פרייהייט און רעכט.
און זא וויא דער הערשער האט יעצט קיין רחמנות,
וועט אויך איהם ניט וויסען דער קנעכט!

*

דאך וועט אם ענדע גערעכטינקייט זיעגען;
פערגעסען ווערט פולווער און בליי;
פערגעסען דיא בלוטיגע, שענדליכע קריעגען—
דער מענש וועט זיין מענשליך און פריי...



# דער 13־טער מעו־ץ.

---

רוסלאנד ! אונגליקליכעס, פינסטערעס לאנד
פון עוויגען טרויער און שמערץ !
דעם טיראן האט געשטירצט דיין מעכטיגע האנד
אין דעם רויטען מאנאט מערץ !

*

מיט א שענדליכען טויט איז געפאלען דיין הענקער,
און דיא ירושה צום זאהן
וואר מארד פיר פרייע קעמפפער און דענקער,
פיר אלע פיינדע פון בלוטיגען טהראן.

*

רוסישע קעמפפער פיר ליעבע און פרייהייט !
ווער האט אין קאמפף פיר זיין פאלק
געציינט זאפיעל אייזערנען מוטה, זאפיעל טרייהייט,
ווער וואר זא געקוועלט און פעלפאלגט !

*

זייער בלוט ווערט געטרונקען פון יעדען וואמפיר ;
מען פערשטיקט זייער ווארט און געשריי
אין שווארצען קערקער, אין וויסטען סיביר,
געמאטערט, בעגראבען אין שניי...

*

דאך פרייהייט פערניכטען מיט דעם עשאפאָט
איז, טיראנען ! א ביטערער טעות—
עס קלאפּט שוין אין טהיר צום צאַר־אידיאָט
דער בלוטיגער מלאך־המות !

*

און ניט עווין בלייבט רוסלאנד אן פרייהייט און רעכט.
די מענשהייט וועט נאך זעהען
וויא עס בעפרייט זיך דער רוסישער קנעכט
און די פרייע פאהנע וועהען !

*

ברידער און שוועסטער ! דעם דיכטערס פערלאנגען
איז א שיינער, א בליהענדער מערץ ;
אָהן בלוטיגען קאמפף, מיט די זיסע געזאנגען,
וואס עופרייען דאס מענשליכע הערץ !

*

א בליהענדער מערץ מיט ליעבע און פריעדען,
מיט בלומען און זאנענשיין,
וואו אלע מענשען גליקליך, צופריעדען
א פרייע פאמיליע זיין . . .



# פון היינע.

---

(פריי בעארבייטעט.)

---

איך גערענק דיא שטונדע ויסע,
ווען דו ביזט צו מיר געקומען
און האסט אין מיין קליינער תפיסה
מיר געבראכט מאיאווע בלומען;

שעהנע, רייצענדע פריצעסען,
רוא אליין האסט דעם פאעט
אין זיין עלענד ניט פערגעסען
קריינען מיט א מאיי בוקעט.

לאנג איז שוין דיין בלום געשטארבען,
דאך איהר פארב, איהר רויטעס פארב
האט דיא צייט נאך דיא פערדארבען
און זיא לעבט אויך ווען איך שטארב.



# אויפ'ן שלאכט-פעלד.

עס שרעקען מיר ניט מיינע טרערן און וואונדען
איך שטעה פון קינדהייט אין שטורמווינד.
דאך, שיקזאל, דוא האסט מיר דיא הענד געבונדען,
דוא האסט מיר בערויבט מיין פעדער אצינד.

דוא האסט מיר מיין איינציגע וואפע ענטריסען,
און וויא א פערוואונדעטער ועלנער אין פעלד,
ליעג איך יעצט עלענד, און זעה מיין בלוט פליסען,
שטיל אויף מיין אלטע, צובראכענע שווערד.

איך ליעג און הער, וויא דיא וואפען קלינגען,
עס שוועבען דיא פאהנען אין בלוטיגען דאמפף;
מיין הערץ רייסט זיך, אה! ווער קען מיר צווינגען,
ניט ווארפען זיך אויף דאס ניי אין קאמפף?

אה, ניין! איך מוז זיך ווידער שטעלען
אויף מיין אלטען פאסט און מיט'ן שווערד אין האנד
בעגייסטערן דיא רויטע רעבעלען
צום בלוטיגען קריעג געגען שקלאפען שאנד!

# דער רויטער פֿויגעל.

איך זעה א רויטען זעגעל
מיט זילבערנעם שוים בעשפריצט;
ער לויפט צווישען שטירמישע ווערען,
עס קראכט, עס דונערט און בליצט.

אונטער דעם רויטען זעגעל
זעה איך א פּראלעטאר,
מיט זיין אייזערנע האנד אויף דעם רודער
שטעהט ער שטאלץ אין געפֿאהר.

איהם שרעקט ניט דער ווילדער שטורם,
איהם שרעקט ניט דער פעלזען שטיין;
ער טרעפט מיט זיין פייל אין דיא ברואים
וואס קריצען אויף איהם מיט דיא ציין.

זיין גייסטיגער בליק איז געריכטעט
אויף דעם אינזעל וואס „פרייהייט" הייסט,—
אהין, וואו דער מענש וועט געפינען
זיין גליק, זיין ליעבע, זיין טרייסט!

און ווען טויזענדע פעלזען און שטורמען
בעגעגענען איהם אויף זיין וועג,
מיט זיין ברוסט אויף דעם רויטען זעגעל
וועט ער עררייכען דעם ברעג!

ער וועט עררייכען דעם אינזעל
פֿון פרייהייט, פון מענשענגליק;
און אויף בעזיעגטען שטורם,
וואַרפען מיט שטאלץ וויין בליק!

פארווערטס מיין רויטער זעגעל!
דיא וואהרהייט איז דיין פאסזשיר;
פיראטען, שטורמען און פעלזען
אלעס בעזיעגסטו מיט איהר!

פארווערטס פראלעטאריער!
דוא האסט נאך טויזענדע פריינד!
מיט דיין אייזערנער האנד אויף דעם רודער
וועסטו בעזיעגען דיין פיינד!



# „אַן אַלטע געשיכטע“.

איך האב זיא בעמערקט ביי א גאז לאנטערן,
זיא איז געווען א יאהר זיבעצעהן אלט,
שווארצע אויגען, א שניי־ווייסער שטערן,
צו ווארפענע לאקען, א שלאנקע געשטאלט.

נור איהר טואלעט איז ארעם געוועזען,
און אויף איהר געזיכט, געפארבט ווייס און רויט,—
האב איך מיט ביטערן טרויער געלעזען
קויף מיך ! איך הונגער, איך האב ניט קיין ברויט !

עס האבען גערא̈לט פארביי אונז קארעטען
מיט רייכע דאמען ; געשיינט האבען זיי
אין זיידענע קליידער, אין טהייערע העטען,
אין פוטער ווייס, וויא געפאלענער שניי !

איך האב בעטראכט מיט ברענענדען צארן
דיא רייכע הורען מיט דעם טיטעל „ווייב"
און דיא, וואס איז אויף דער סטריט געפרארען,
געצוואונגען דורך הונגער פארקויפען איהר לייב ;

מיין הערץ האט געשטורמט....דאך פלוצלונג, אָה גאָטער !
וואס זעה איך ? דעם אפּפער פון הונגער און שאנד
האט א פאליסמען, א געזעלשאפטס־רעטער
געחאפּט....זיא ציטערט אין זיין פרעכער האנד ;

זיא בעט זיך ביי איהם, זיא בעגיסט זיך מיט טרערן,
זיא פאלט אויף דיא קניע פיר דעם העלד פון „געזעץ,"
ער בלייבט קאלט וויא שטיין—דער אונטענש אין גערן,
ווען אן ארעמער פיש פאלט אריי אין זיין נעץ !

אט קלינגט שוין און קומט דער שענדליכער וואגען;
פיעל נייגעריגע שטעלען זיך אפ....
מען הערט דיא עלענדע וויינען און קלאגען,
מען זעהט, וויא זיא רייסט זיך דיא האר פון קאפ.

און אָט איז דער וואגען און מענשען פארשוואונדען....
אן אלטע געשיכטע, אן אלטע, נישט וואהר?
און דאך זיא ערגרייפט מיך מיט ברענענדע וואונדען
און איך וויין וויא א קינד, איך אלטער נאר!



# דער אבענד גלאק.

(פרייא נאך נאדסאן)

אה, מוזע, רוף מיך ניט! מיט דיינע צויבער פינגער
וועק ניט דיא סטרונעס פון מיין קראנקעס הערץ! —
פארמשפט איז צום טוידט דיין בלאסער זינגער,
צו ענדע איז דאס ליעד פון קאמפף און שמערץ!

*

זיין וועג וואר זעהר שווער. ער האט אויף איהם בענענענט
דערנער, שטיינער, פערלײמדונג, הונגער, קעלט.—
עס האט געבליצט, געדונערט און גערעגענט—
און ער האט אבראכ־לאז געוואנדערט אויף דער וועלט.

*

יעצט קלאפט דער טוידט אין זיין לעבענס-קאמער,
ער זאגט: צו ענדע איז דיין ארבייטס=טאג !
פארלעש דיין פייער, לייג אוועק דיין האמער !
קום ! דו הערסט ? . . . עס קלינגט דער אבענד=גלאק !

*

עס קלינגט דער אבענד=קלאק ! יא, איך הער איהם קלינגען
מיין טארעס-אורטהייל הער איך אין זיין קלאנג. —
און לעבען ווילט זיך . . . עס ווילט זיך טרוימען, זינגען,
קעמפפען געגען יערען שקלאפען-צוואנג ! . . .

*

איך וואלט געוואלט, אהה, פאלק ! דיין רויטען זעגעל
נאך מאכען רויטער מיט מיין הערצענס=בלוט . . .
און, וויא א לייב מיט זיינע שארפע נעגעל,
דיין פיינד בעקעמפפען מיט שטאלצען העלדענמוטה !

*

דאך, וואס נוצען דיא הייליגסטע פערלאנגען ?
צו ענדע איז מיין לעבענס שטורם-טאג ! —
צו ענדע—טרוימען, טרערן און געזאנגען,
ער סופט דער טוידט, עס שלאגט דער אבענד-גלאק :

